מ. ווינער

# סאָלעוו אשקענאזי

דערציילונג




פארלאג „עמעס", מאָסקווע, 1934

# ערשטער קאפיטל

אײנער פונ די הײדוקנ, װאָס האָבנ געטראָגנ א פאלאנקינ *, האָט מאטשײענ דעם פויער א שטױס געגעבנ. מאטשײ האָט זיך אָנגעבויגנ, צעשפרײט די פיס אונ זיך געװאָלט װארפנ אינ א זײט. איצט ערשט האָט ער באקומענ א זעצ מיט אײנעם פונ די געשניצטע דרענגלעכ, אפ װעלכע מע טראָגט דעם פאלאנקינ. מאטשײ איז אומגעפאלנ, אָבער טײקעפ איז ער צוריק אופגעשפרונגענ. אינ זײנ באָרד אונ אינ זײנ באראנקעװער קוטשמע האָבנ זיך אָנגענומענ שטרוי־עלעכ פונ דער ערד.

— אָ יעי, האטי באָזשע... — האָט דאָס פויערל געשריגנ.

א הײדוק האָט געשאָלטנ.

— כאמסקא מאָרדא, װאָס שלאָנדערסטו זיך.

װויטשעכ, דער צװײטער פויער, האָט מאטשײענ א צי געטאָנ בא דער פאָלע פונ זײנ גרויער סוקמאנע, אונ צעשראָקנ, אומבאהאָלפנ זיך מיט אים גערוקט אפ הינטערװײלעכס.

עטלעכע רײטער זײנענ אינ גאלאָפ פארבײגעריטנ. פונ אונטער סאָמעטענע אויבערקלײדער האָבנ אינ דער פארמיטאָגדיקער זונ אפיר־געבלישטשעט באגילדטע שײדלעכ פונ צירונג־שפאדעס. די פויערים האָבנ ארויסגעלופּעט די אויגנ אונ צעטומלטע זיך אלצ גערוקט אפ צוריק.

הינטער זײ האָט עמעצ עפּעס געשריגנ. זײ האָבנ גאָרנישט פאר־

---

* פּויליש: — לעקטיקא, א מינ טראָג־קאָטש, אינ װעלכע דינערס האָבנ געטראָגנ זײערע פּריצים אפ די פּלײצעס.

שטאַנען. און אַרמענער אין אַ לאַנגן גרינעם זײַדענעם כאַלאַט איז צו זיי צוגעשפּרונגען און געפאָכעט מיט די פויסטן פאַר זייערע נעזער.

ער האָט זיי געכאַפּט פאַר די אַרבל און זיי אַראָפּגעשלעפּט פון די טעפּיכער און טיכער, וואָס זײַנען געלעגן אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, און אויף וועלכע די פּויערים זײַנען אין צעטומלטקייט אַרופגעקראָכן. ער האָט אַראָפּגעשאַרט מיט אַ בעזעמל די שטיקלעך שוואַרצע בלאָטע, וואָס זייערע פּויערישע קריפּטשעס האָבן איבערגעלאָזט.

זיי האָבן זיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט. עס האָבן אויף זיי אַ ווייִע געטאָן פאַרשיידנערליי אייִדעלע ריחות פון לאָרבער־בלעטער, מאָשוס, נעגעלעך, מוסקאַט, פעפער און אַנדערע איבעריאַמישע געווירצן. פּלוצעם איז פאַר זיי אויסגעוואַקסן אַ גראָבער שוואַרצער פאַרשוין, און אויסשפּרייטנדיק די אָרעמס, געמאַכט אַנטקעגן זיי אַ וואַנט, זיי זאָלן נישט אַרײַנקריכן אין זײַן שטעל מיט גלאָזוואַרג: קופּליעס, באָקאַלן, קרוגעלעך, וואַזעס און גלאָז־פּערלעך, וואָס זײַנען געווען אויסגעסאָדערט אויף הילצערנע טרעפּלעך. אַ ייִד מיט אַ גרויער באָרד לעבן אַ טיש מיט אַ שיר בראָנזענע, בײַנערנע, אײַזערנע גרויסע און קליינע צלמים און קרוציפיקסן האָט אויף זיי געשטאָכן מיט אַ פינגער און עפּעס קעסיידער געליאַרעמט.

דער מאַרקמײַסטער האָט זיי פונדערווײַטנס דערזען און איז גיך צו די צוויי פּויערים צוגעלאָפן. ער האָט זיי צוגענומען בײַ די אַקסלען און זיי אַרויסגעפירט אויף אַ שמאָלער סטעזשקע, וואָס איז געווען צווישן די שורעס שטעלן און אויסגעלייגטע סחורעס.

— פּשיאַ מאַטש גיעזהאַרנאַ... — האָט ער געמורמלט און זייערע פּליצעס געטרייסלט.

צעפּלאָשעטע מיט אַרויסגעלופּעטע אויגן זײַנען זיי אונטערטעניק נאָכגעגאַנגען מיט שווערע שטײַפע פּויערישע טריט.

ער האָט זיי צוגעפירט צו די געווילבן * אונטער איינעם פון די טויערן אין די שטאָטישע סוקעניצעס, און זיי געוויזן מיטן פינגער דעם טויער אַנטקעגנאיבער, ווו מע האָט געקאָנט אַרויס אויף דער אַנדערער זײַט, דורכשפּרײַזנדיק אין דער ברייט דאָס געבײַ.

— אַט אָ דאָ, ניעדווידעס, קריכט אין טײַוולס זאַדעק.

צעטומלטע זײַנען זיי געשטאַנען פאַר די סוקעניצעס, דעם גרויס-

---

* סקלעפּיעניע, קאַלאָנאַרעס. אַ טײַלווײַז אָפענער זײַלן־רוים, פון אויבן צוגעדעקט דורך די העכערע געשלאָסענע שטאָקן.

ארטיקנ טוכ־הויז — א ריזיקער, לענגלעכער גאָטישער פאלאצ פונ קאַזימיר דעמ גרויסנס צייַטנ, וואָס די קראָקעווער טוכ־צעכנ האָבנ אויסגעבויט אפ דאָרט צו פארקויפנ זייערע סכוירעס.

דאָס איז געווענ דאָס לענגסטע געביי אינ גאנצנ לאנד. בא פאָלקס־פארווייַלונגענ האָט עס געקאָנט ארייַננעמענ זיבנ טויזנט מענטשנ, אונ קיינער האָט זיכ נישט געדארפט שטופּנ. אינ וואָכיקע טעג אָבער איז דאָ געווענ א יאריד מיט סכוירעס פונ פארשיידנסטע מינימ אינ אָפּגעטיילטע געוועלבנ אונ סקלאדעס.

די פויערימ האָבנ געפינטלט מיט די אויגנ אינ דער זונ. ס'האָבנ זיי געבלענדט די פילקאָליריקע סכוירעס, וואָס זייַנענ געווענ אויסגעשפּרייט איבערנ גאנצנ ריזיקנ רינג, אונ צווישנ וועלכע ס'האָבנ זיכ פלינק געדרייט אָנ א שיער מענטשנ, וואָגנס, רייטערס אונ פאלאנקינס מיט פריצעס, וואָס אייניקע מיט זייערע קאוואליערנ זייַנענ זיי געקומענ זיכ צוקוקנ צומ מארק־גערודער.

אנטקעגנ איבער אפ מיזרעכ־זייַט האָבנ זיכ געהויבט צוויי העכסטע טורעמס פונעמ לאנד איבערנ קאָשטשיאָל פונ פאננא מאריא, וואָס מע האָט זיי זייַט יאָרהונדערטער געהאלטנ אינ בויענ. איטלעכס מאָל האָבנ טרומייטערס געשאלט, באפוילנ א וואָרע פאר א הויפישנ האר. יידנ אינ פּיקסענע היטלענ אונ אינ לאנגע שווארצע זשופּיצעס האָבנ געמאכט מיט די הענט אונ געשריגנ, ווי זיי וואָלטנ זיכ געקריגט אָדער עפּעס געוואָלט אויסבעטנ.

פרעמדלענדישע הענדלערס: דייַטשנ, וועלשנ, ארמענער, גריכנ, טערקנ, טאָטערנ, לעוואנטינער האָבנ אויסגערופנ זייערע סכוירעס אינ פארשיידענע שפּראכנ אונ אויסגעמישט זייערע געשרייענ מיט פאר־דרייטע פוילישע ווערטער. דער ליארעמ אונ דאָס גערודער האָבנ די צוויי פויערימ אינגאנצנ צעמישט.

וואָרעמ דאָס זייַנענ געווענ פונ יענע פויערימ, וועגנ וועלכע א גאלאָכישער שרייַבער פונ יענער צייַט האָט ציניש געשריבנ, אז „זיי פארנוצנ פאר זייער לעבנ ווייניקער ווי בעהיימעס, אונ ארבעטנ מער ווי מענטשנ“.

שוינ זעקס טעג, ווי זיי זייַנענ אוועק פונ זייער דאָרפ, וואָס הארט לעבנ דעמ ערשטנ פאס קארפּאטנ, א מייל פונעמ שטעטעלע וויעליטשקע אונ ניט גאָר ווייַט פונ דער שטאָט קראָקע. זיי וואָגלענ זיכ דאָ אינ דער שרעקעוודיקער שטאָט, ניט דערעסנ, ניט דערשלאָפנ, געיאָגט פונ זידל־רייד אונ כויזעק. זיי זייַנענ געשטאנענ א ווייַלע, אומגעקוקט זיכ,

מוירע געהאט זיכ רירנ אונ אראָפּגעקוקט מיטאמאָל אפּ דער ערד פּאַר זייערע קריפּטשעס.

— מע דאַרפ גיינ... — האָט וויטשעכ געזיפּצט. מאטשיי האָט זיכ אפּגיכ א ציילעמ געטאָנ.

— יאָ...

ער האָט א שאָקל געגעבנ מיטנ קאָפּ, פעסטער צוגעצויגנ דעמ שטריק ארומ דער סוקמאנע, ווי געמענדיק זיכ צו א שווערער זאכ.

א ריזיק טויער אינ די סוקעניצעס, וואָס האָט געוויזנ א לאָכ פונ טונקעלער קילקייט, האָט זיי עפּעס געשראָקנ, כאָטש זיי האָבנ פונדאַנענ געקאָנט יענ דאָס קוועגיבערדיקע טויער, וואָס פירט ארויס פונ דער אנדערער זײַט. זיי האָבנ זיכ א ווײַלע געקווענקלט. זעענדיק אָבער, אז שטראָמענ מענטשנ גייענ ארײַנ דורכ די פילע טויערנ, וואָס שטייענ איינס לעבנ אנדערנ, האָבנ זיי זיכ אויכ א ריר געטאָנ פונ אָרט.

וויטשעכ האָט עפּעס אונטער דער פּאַכווע א קיצל געטאָנ. ער האָט ארונטערגעבויגנ דעמ קאָפּ, געקוקט אונטער דער פּאַכווע, אונ איז א דערשראָקענער אפּגעשפּרונגענ. ער האָט דערזענ א שמאָל אויסגעקרישלט אונ פארזשאווערט שווערדל, וואָס הייבט זיכ, אימ ווי־דעראמאָל צו שטעכנ.

געלעכטער אונ געפּאטשערײַ מיט די הענט האָט זיכ א שיט גע־טאָנ.

— האַהאַ... וועסט גיינ אפּ א טורניר? שטעל דעמ וויהייסטמע־נעמ פאַר א פּאנצער...

א הויכער דארער יונגער סכאָלאר אינ אנ אויסגעריבענעמ פּאַר־שמאָלצעוועטנ קלערישנ קיטל האָט זיכ געבויגנ אינ די קני אונ גע־האָפּסעט ארומ די פּויערימ.

וויטשעכ האָט אָנגענומענ מאטשייענ פּארנ ארבל אונ האָט זיכ אָפּגערוקט מיט הריבנע טריט.

דער סכאָלאר האָט אופגעהויבנ די אָפּגעבראָכענע פארזשאווערטע שווערד, וואָס האָט זײַט אלטע צײַטנ געהאנגענ צוגעקאָוועט אפּ א קורצער קייט לעבנ טויער, אנ אָנדענק פונ עפּעס א געשעעניש, אונ האָט מיט איר געפאָכעט.

— זעסטו? דאָס שנײַדט מענ דערמיט אויס פּויערימ די...

ער האָט די שווערד אָפּגעלאָזנ אונ איז צו די פּויערימ צוגע־שטאנענ.

— וואָס שטייט איר? קומט.

ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, געכאַפּט די פּויערים בײַ די פּאָלעס און איז געלאָפֿן פֿאָרויס האָצקענדיק און הירזשענדיק, קלאָמערשט אַ פֿערד. מיט אַמפּערגיש זײַנען זיי נאָך אים דורכן טויער דורכגעגאַנגען.

אין די סוקעניצעס איז געווען שטומדיק. די שײַן איז דאָ אַנגעקומען בלויז דורך די פֿילע טויערן און פֿון הויך אויבן דורך די בויגן־פֿענצטערס. רייזיקע באַלן סוויריעס, טוך, זײַד, לײַוונט, בראָקאַט, סאַמעט, די עקן אָפּגעוויקלט און צעשפּרייט, זײַנען געווען קונציק צעלייגט אויף די אָפֿענע שטעלן פֿון די אָפּגעזונדערטע געוועלבן. די פּילערלײַ האָפּטעם פֿון זילבער און גאָלד, רײַכע גאַלאָנישע אָרנאַמענטן, בעקעשעס פֿאַר מענער און קליידער פֿאַר פֿרויען, האָבן אַנגעוואָרפֿן אויף די פּויערים אַ קאָשטשיאָלישן אָפּשײַן.

זיי זײַנען אַרום פֿון קעגנאיבערדיקן טויער און געשטאַנען לעבן אַ קליינעם אַלטן קאָשטשיאָלעכל אינמיטן רינעק. אָפּלאָזנדיק זייערע פּאָלעס, האָט זיך מיטאַמאָל דער סכאָלאַר שטרענג צו זיי אַ קער געטאָן.

— וואָס טוט איר דאָ, גאָטס קינדער?

— מיר גייען דאָ... פֿון דאָרף גייען מיר דאָ... — האָט מאַטשיי אײַנגעהאַלטן געשטאַמלט.

— פֿון דאָרף? הו־הו... פֿון דאָרף... צו וואָס זײַנט איר געקומען? — האָט ער נאָך שטרענגער געפֿרעגט.

— געקומען זײַנען מיר — מאַטשיי האָט געזוכט פֿאַרזיכטיקע ווערטער — וואָרעם מיר זײַנען שוין דאָסמאָל געקומען דאָ יענע זאַך צו ריידן, ווי סע האָט געשמועסט די גאַנצע געמיינע באַם קאָשטשיאָל הײַנטיק נאָך דער משא*...

— אַזוי, נאָך דער משא... און וואָס האָט איר אַזוינס צו ריידן און מיט וועמען?

דער פּויער האָט זיך געכאַפּט. פֿאַרזיכטיקייט האָט אים אָפּגעהאַלטן.

— וואָס איז נאָר, ווײַל מיט פּאַוועל קעטחזשיאַר, וואָס האָט כאַפּענע געהאַט מיט דער געשטופּלטער זאָשקע און האָט דערנאָך געקויפֿט אַ לאָמע קו... ווײַל מיט אים איז געשען, אַז גאָט זאָל זיך דערבאַרעמען... — מאַטשיי האָט פֿון צעדודערטקייט נאָכאַמאָל אָנגעצויגן אויף זיך דעם שטריק.

* מעסע, אַ קאַטוילישע טפֿילע.

דער סבאָלאר האָט זיך אָנגעבלאָזן.

— ווילסט נישט זאָגן? איז גיי דיר, ווו דײַן מוטער די צווײ האָט דיך געהאַט. סקורטשיביקעס, איר האָט מיסט אין בוזעם. איך וועט נאָך זען אין וואָסער פלאָנטער איר ווערט זיך אַרײַנדרייען... און אַזוי וואָלט האָב אַ קריסטלעכע נעשאָמע אײַך העלפן געקאָנט.

האָם האָט געפויעלט. זיי האָבן מוירע געהאַט פאַרפאַלן ווערן אינעם גרויסן טומל. מאַטשיי האָט זיך איבערגעקוקט מיט וויטשעכן.

— ווי דען? פאַרוואָס זאָל איך אײַך חאָ נישט ריידן, אַז העלפן אַפילע וואָלט איר אונדז געקאָנט, אויב סע וואָלט נאָר אויסגעטראָגן אייער לײַטזעליקײַט.

— נו, רייד. — דער סבאָלאר איז ווידער צוגעשטאַנען.

מוירע, ביטערקײַט און פאַרזיכט האָבן געפירט דעם פויערס צונג.

— ווײַל גנאָדיקער ברודערל, דאָבראָחושיי אונדזערער... — ער האָט פּלוצעם אַראָפּגענומען דאָס היטל און דערמיט פון טיפסטן האַרצן באַוויזן ווי ער בעט דאָס, ער זאָל זיי נישט אָפּנאַרן. — פּאַוועל קענדזשיאָר... כ'האָב אים שטענדיק געזאָגט, ער איז אָבער געווען אײַנגעשפּאַרט... קויף נישט, פּאַוועלקו, די קו, האָב איך אים געזאָגט... זי האָט באַלד פון אָנהייב אָן אַ ביסל געהינקט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס געלענק איז איבערגעבראָכן. יענער האָט געקאָנט זען, אַז סע וועט זיך נישט פאַרהיילן... און ער, אַלץ דאָס זײַניקע: דאַפּקע יאָ, זי איז נישט טײַער. און דאָס ווײַב זײַנס אויך דאָס אייגענע: קויף נישט... און ער: דאַפּקע יאָ. און דער ייִד האָט קעסיידער צוגערעדט, פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ... און אַזוי האָט זיך עס אָנגעהויבן דער אומגליק. וואָרעם שטענדיק איז דאָס שוין אַזוי, אַז עס הייבט זיך אָן אַ באַטראַפלעניש איז איינס נאָך איינס... — ער האָט זיך גיך איבערגעצײלעמט.

דער סבאָלאר האָט אים איבערגעריסן די רייד.

— ס'טשאַדעט דיר אין קאָפּ און דו פּרעגל נישט קיין ציבעלעס. ווילסטו רייד, אָדער שווײַג אײַנגאַנצן. פונוואַנען זײַנט איר?

— פון אַ דערפל לעבן וויעליטשקע, ברודערל, דאָבראָדזשייע אונדזערער.

— דאָרט ווו די זאַלץ־גרובן?

— אוואַדע, פון די זאַלץ־זשופּעס...

— זשופּניקעס?

— יאָ.

— דאָס דאָרפ האָט אײַכ אַהערצו געשיקט?

— די גאַנצע גמינע, זונטיק נאָכ דער משא... אַלע... די גראָבערס, דריבלערס, האַקערס, װאָס זעצנ דעמ זאַלצ דורכ פּולװער, די שטױ־סערס, אונ שטײגאַרעס, די פורמאַנעס, שמידנ, בעדנאַרעס, טעסליערס, רימערס... אַלע...

— אױפ הוצאָעס געגעבנ?

— געגעבנ. דרײַ גזשיװגיעס אונ צװײ ברױטלעכ.

— צו װעמענ דאַרפט איר?

— געװענ שױנ, ברודערל, באַמ יאַשקע פאַנ הראַביאַ פּזשעמאַ־װיטש, דעמ אַלערדורכלײַטיקסטנ הער קיניגס הױז־שאַפער.

— נו?

— האָט ער אונדז געלאָזט זאָגנ, מיר זאָלנ גײנ צו שיאַרקי, ברו־דערל, דאָבראָדזשײ אונדזערע... — דער פּױער האָט דעמ סכאָלאַר אָנגעקוקט מיט בעטנדיקע אױגנ.

— שיאַרקי? — האָט זיכ דער סכאָלאַר געכידעשט. — װאָסער שיאַרקי? װו איז ער?

— דאָס איז עס דאָכ... שױנ דעמ דריטנ טאָג װי מיר זוכנ אימ, אונ קײנער װײסט ניִשט, װו ער איז.

— װער איז ער עס, דער שיאַרקי?

— באַ אימ צו בעטנ גנאָד...

— בידלע! — האָט זיכ דער סכאָלאַר צעבײזערט.—װער איז ער, דער שיאַרקי?

דער פּױער האָט זיכ דערשראָקנ אונ אומבאַהאָלפנ אומגעקוקט.

— באַ אימ צו בעטנ גנאָד, דאָס איז עס דאָכ...

— װאָסער גנאָד... שאָקלסט מיט דער באָרד, שטינקיקער באָ־ריד, איכ זאָל װיסנ.

— װאָרעמ ס'איז געװענ מיט דעמ זעלבנ פּאַװעל טאַקע...

— איכ װײס שױנ, — דער סכאָלאַר איז אומגעדולדיק געװאָרנ — ער האָט געקױפט אַ לאָמע קו. װײַטער.

דער פּױער האָט פאַרלױרנ דעמ פאָדעמ אונ זיכ צעטומלט.

— ...די קו איז סײַװי צװײ װאָכנ שפּעטער געפּיגערט. נאָכ אַזױ האָבנ זיכ דאָס באַ אימ אָנגעהױבנ די אומגליקנ. אונ באַ קכאָ־װער פּיטליק אױכ אַזױ. אַ זיבניאָריקער זונ איז אימ אַװעקגעשטאָרבנ פונ דער רױטער קרענק. אונ באַ יאַשעק בראַידאַ האָט זיכ אַ שפּאָנ אינ פוס אַרײַנגעריסנ אונ כאַהאָשימ גאַנצע געײַטערט. באַ אַלע אַזױ

דאָס אַזוי געווען אײדער זײ זײַנען אומגעקומען אין דער ווײַסער העק: בײַ אַנטעק יווילטשוק, לבױ וויטשעוכ פילאַט, לוקאַש קאַבילאַ, וואַ־לעק קושיווי. דערנאָך זײַנען געפײַפערט צוויי פערד בײַ די קיעראַטן...

— וואָסערע קיעראַטן?

— נו, וואָס די פערד דרייען זיי אָפּ ארויסצוציִען דאָס זאַלץ פון די זשופּעס... מיט אַזעלכע קליינע אומגליקן האָט זיך דער גרויסער אָנגעהויבן. צו יעדערן האָט זיך עפּעס פריִער צוגעטשעפּעט. אַזוי איז דאָס שוין שטענדיק... גאָט, דערבאַרעם זיך!...—ער האָט זיך איבער־געציילעמט.

— וואָסער אומגליק האָט זיך דאָס דאָרט געטראָפן?

— אין דער ווײַסער העק? דאָס איז דאָך זײער סאַך געווען... גאָט זאָל אויסלייזן זייערע נעשאָמעס...

— וואָסערע ווײַסע העק?

— נו, דאָרט טיף אין דער שיבע, אונטער דער שאַכטע גוראַ וואָרנאַ, דרײַ שטאָק אונטער דער רעגיִם...

— וואָס איז דאָרט געשען אַזויִנס?

— פאַרשיט האָט עס זיי...ווי דען? אַז וויפל מע זאָל נישט אונ־טערוואַלקעווען מיט הילצערנע בעלקעס... — ס'איז אים פלוצעם אָנ־געקומען רייד און ער האָט זיך צוריק אָנגעטאָן דאָס היטל — וואָס דו האָסט אַ וואָך, צוויי און שוין קרישלט זיך די שיבע. דו סטעמפּלע־ווּעסט אונטער און איבער דיר קרישלט זיך. קריכסט אַרײַן אין דער אויסגעהאַקטער נאָרע, ליגסט און גראָבסט מיטן קליִן, ווייסטו דען, וואָס איבער דיר טוט זיך? האַקסט מיטן קילאָף לאַווע, צי די קלאַפּסט פון די קלאַפּטשעס קליינע באַלוואַנקעס אין די פּעסלעכ אַרײַן... און פלוצלינג טר־ר־ר־ראַך...! ס'האָט זיך שוין פאַרשיט און באַגראָבן, אַפילע יעזוס מאַריאַ קיין צײַט נישט ארויסצושרײַען... בעטן מיר בײַ די וואַרצאָוונעס, שיקן זיי אונדז צום סעניאָר. בעטן מיר אים: לאָז זי אָפּ די ווײַסע העק, קאַרג גוטע שיבעס פאַראַן אין די גרובן? לאָז זי, די העק, וועכצן מענטשן האָט זי שוין באַגראָבן, זעסט דאָך, דאַבראָדזשיי, גנאָדיקער, זי וועט זיך נישט אונטערגעבן, די בעסטיע, וועסט נישט פּויעלן...

— הוהוהו... — האָט דער סבאָלאַר זיך געקרימט — צו וואָס קריכט איר דאָרט, צאַפּעס, אויב סע שמעקט אײַך נישט.

מאַטשיי האָט זיך אָפּסנײַ צעטומלט. ער האָט צוריק אַראָפּגענו־מען דאָס היטל פון קאָפּ.

— און ווי דענ? — האָט ער נישט באַנומענ און הילפלאָז שטאַר געקוקט. די פויערימ האָבנ זיכ א ריר געטאָנ פונעמ אָרט, ווי אָפּזאָגנדיק זיכ פונעמ סכאָלארס הילפ. מאַטשיי האָט זיכ אָבער באַטראַכט און א שמייכל געטאָנ איבער די שטאָטישע ניט־דערהפּאַרעגע רייד פונעמ יונגנ קליריקער.

— ווי דענ? פונ פּלעקל ערד וועסטו ציִענ דערנערונג? אז א העלפט פונעמ ברויט מוזטו אָפּגעבנ דעמ גנאָדיקנ פּאָרעצ, זאָל אימ גאָט געבנ געזונט. אינ דער ווינטערצייט... פייגערנ וואָלט מענ דאָכ געמוזט... — האָט ער פאַרזאָרגט ווייטער גענומענ דערציילנ — ...אז אָבער דער סעניאָר האָט זיכ איינגעשפּאַרט. ניינ, זאָגט ער, מיר וועלנ זי שוינ איינעמענ, די ווייסע העק, און רופט אזוי אַרויס גאָטס שטראָפ. מיר וועלנ זי שוינ איינעמענ, און אפ ליידאקעס איז קיינ ראַכמאָנעס נישט. וואָס סטעמפּלעוועט איר נישט אונטער באַצייטנס און פעסט, ס'זאָל זיכ האַלטנ? וואָס סטעמפּלעוועג, אז סע קרישלט זיכ?.. אזוי טרייבט ער אונדז אינ טויט, אז גאָט דערבאַרעמ. וואָרעמ, וואָס עמעס, א זאַלצ איז דאָרט אזא, ווי דו געפינסט דאָס נישט אינערגעצ... היט זי, די בעסטע, און לאָזט נישט צו...

— נאָר דאָרט?

— העכער איז דאָס זאַלצ גרינגלעכ, מיט ערד פאַרמישט און ווייניק געזאַלצנ. טיפער איז טאַקע שוינ שיביקאָווע גוט זאַלצ. אָבער וואָס טיפער איז דאָס זאַלצ בעסער, דורכזיכטיק. און אינ דער וואַסער העק איז דאָס זאַלצ א טרעסקענדיקס, שיטסטו דאָס אינ וואַסער, טרעסקעט עס און סיקעט באַמ צייג. און קרישטאָלנ זאַלצ איז דאָרט אפ אַרויסצושיקנ אינ די ווייטע לענדער. ליגט עס אָבער זייער טיפ צווישנ שיבעס ליימ; וויפל דו וואַלקעוועסט נישט אונטעו, קרישלט זיכ די וואַנט און פאַלט איינ...

— טר־ר־ראַכ! — האָט דער סכאָלאַר א שיט געטאָנ.

מאַטשיי איז דערשראָקנ אָפּגעשפּרונגענ.

— ווילט איר בעטנ נאָר בא שיאַרקי? הו־הו־הו... שיאַרקי וועט אימ שוינ פאַרטרייבנ דעמ סעניאָר, גוט אויסשמייסנ, אינ קייטנ לייגנ, שיאַרקי, ווי דענ? — האָט ער נאָכגעשפּעט דעמ פויער. — שיאַרקי איז א קישעפמאַכער, ער וועט אָפּשפּרעכנ, אויסשפּייענ און באַשווערנ: אוואַיא באַמבאַוואַיא און ס'וועט זיכ נישט מער קרישלענ, אויס.

— זונטיק נאָכ דער משא פֿארנ קאָשטשיאָל... — האָט מאַטשיי אָנגעהויבנ אונ געוואָלט אים באַגיטיקנ.

— איכ ווייס שוינ... ס'וועט זײַנ רעכט. קומט.

זיי זײַנענ אַוועק פֿינעמ רינעק דורכ דער ראָגאַטקע אונ פֿונ דאָרט פֿאַרקערעוועט אינ אַ געסל. דער סכאָלאַר האָט זיי אַראָפּגעפֿירט עטלעכע טרעפּלעכ אינ אַ שענק. קווענקלענדיק זיכ זײַנענ די פּויערימ, ניט אײַנבייגנדיק די קני, נאָכגעגאַנגענ מיט שטײַפֿע שווערע טריט.

אינ שענק איז, ווי שטענדיק געווענ פֿינצטערלעכ. ס'האָט געשמעקט מיט פֿײַכטקײַט אונ מיט ווײַנ. בא אַ גרויסנ טיש זײַנענ געזעסנ מענער אונ פֿרויענ אינ מאָדנע קאָלירטע קליידער אונ האָבנ פֿריילעכ געליאַרעמט. אַפּאַנעמ שפּילערס, קוגליאַרעס, גראַמערס,, וואַגאַנטנ אונ גאַסנמוידנ, וואָס האָבנ זיכ פֿאַרגונענ הוליענ אינמיטנ טאָג. דעמ סכאָלאַר האָבנ זיי טייקעפּ דערקענט.

— וויצעק, וויצקו, דער סכאָלאַר ווינצענטי, — האָבנ אים די גאַסנמוידנ באַגריסט. — וועמענ אַזוינס האָסטו דאָ אַהער געבראַכט?

— העהע... — האָט זיכ אַ געלעכטער געטראָגנ, — מיט וועמענ ער שלעפּט זיכ דאָס, הע-הע...

— שווײַגט! — האָט דער סכאָלאַר געזאָגט מיט ווערדע, — דאָס זײַנענ לײַט פֿונ אונטערנ קאָשטשיאָל. זונטיק נאָכ דער משא האָט די מאַטקע באָסקע אַלײַנ אױפֿ זיי אָנגע...

דער געלעכטער האָט זיכ נאָכ העכער צעהילכט. — אָווי-אָווי...

די פּויערימ זײַנענ געווענ צעדולט אונ האָבנ גאָרנישט פֿאַרשטאַנענ. זיי האָבנ אַראָפּגענומענ די קוטשמעס אונ זיכ קעסיידער טיפֿ פֿאַרנייגט.

דער סכאָלאַר האָט זיי אַוועקגעזעצט אינ אַ ווינקל בא אַ טיש.

— ווער פֿונ אײַכ האָט דאָס געלט? — מאַטשיי האָט זיכ אַ ריר געטאָנ.

— גיב אַהער.

די פּויערימ האָבנ זיכ איבערגעקוקט. מאַטשיי האָט אָפּגעזיפֿצט, אַפֿירגענומענ פֿונ אונטער דער סוקמאַנע אַנ עק פֿונ אַ העמד, וואָס איז געווענ אַריבער די פּלודערנ, אונ פּאַמעלעכ אויפֿגעגראָבלט דאָס קניפּל. דער סכאָלאַר האָט צוגענומענ די דרײַ גזשיוויניעס אונ געגעבנ געלט דעמ שענק-יונג, וואָס האָט געבראַכט אַנ עמער מעד מיט דרײַ גרויסע קוואָרטנ.

די פּויערימ האָבנ זיכ אינ אָנהייב ניט דערוועגט טרינקענ. ערשט אַז די ביסלעכ, וואָס זיי האָבנ געזופּט, זײַנענ זיי אַרופּ אינ קאָפּ

ארײַנ, האָבנ זיי שוינ שוויַיגנדיק געווייקט די וואָנצעס אינ די ריזיקע אויסגעבײַלטע קוואָרטנ.

דער סכאָלאר האָט צו זיי עפּעס גערעדט. זיי האָבנ אָבער בלויז געשאָקלט מיטנ קאָפּ, געזיפּצט אונ געשוויגנ.

א קוויטשיקע שטימ האָט פונעמ גרויסנ טיש אהער געשריגנ.

— ווי לאנג וועסטו שטינקענ מיט די כלאָפּעס פאר זייער ביסל מעד, וויצקו?

דער סכאָלאר איז צוגעגאנגענ צומ טיש פונ די פריילעכע לײַט אונ באלד זײַנענ זיי אלע אינײנעמ, אונ דער סכאָלאר מיט זיי, ארויס פונ שענק.

די פויערימ האָבנ שוינ אויפגעהערט טרינקענ, נאָר אלצ נאָכ געזיפּצט. זיי האָבנ געווארט אפנ סכאָלאר.

א שאָ איז פארבײַ אונ נאָכ א שאָ, אונ זיי זײַנענ *נאָכ אלצ שוויַיגנדיק געזעסנ באמ אויסגעליידיקטנ עמער מעד. זיי האָבנ אראָפּגעלאָזט די קעפּ אונ מידע געדרעמלט. שוינ זעקס טעג אינ גאנצנ ווי זיי דרייענ זיכ איבער דער שטאָט, נישט דערעסנ, נישט דערשלאָפנ. נעכטנ נאָכ האָבנ זיי באַ איינעמ א שטאָטער געפרעגט, ווו סע ווײַנט דאָ שיארקי. ער האָט זיי ערשט פארוואונדערט אָנגעקוקט אונ טייקעפּ א רעווע געטאָנ:

— פּרעטש, שטשיצעווא שמיערדזאָנצא *... — האָבנ זיי זיכ איבערגעשראָקנ אונ זיכ נישט מער דערוועגט קיינעמ צו פרעגנ.

אינ דרויסנ האָט שוינ געגרויט, די זונ איז אונטערגעגאנגענ, אונ זיי זײַנענ נאָכ אלצ געזעסנ.

דער שענק־יונג איז צו זיי צו אונ האָט א שטויס געגעבנ דעמ טיש.

— היי, גאָטס מענטשנ... וואָס וועט איר דאָ אויסזיצנ. געבנ נאָכ מעד?

זיי האָבנ זיכ אויפגעכאפּט. מאטשיי האָט זיכ א צעטומלטער אומגעקוקט.

— ער איז נאָכ נישטאָ, דער קלעריק? — האָט ער געמורמלט.

— וואָסער קלעריק?

— מיר ווארטנ דאָכ אפנ קלעריק, אפ דעמ פונעמ רינעק...

— איכ ווייס נישט פונ קיינ קלעריק. גייט אײַכ, גאָטס מענטשנ... — ער האָט וויטשעכנ געריסנ באמ ארבל.

זיי זײַנענ ארויס פונ שענק.

---

* אוועקעט, פארשטונקענע גזווילע.

# צװײטער קאַפּיטל

דער גרײזגרויער קאָלעװ אשקענאזי איז געזעסנ אײַנגעקאָרטשעט אינעמ װינקל פונ א ריזיקנ שטול, װאָס איז געװענ איבערגעצויגנ מיט בראָקאט, אויסגענײט מיט קישעלעכ אונ באַלײגט מיט זײַדענע שאַלנ. כאָטש ס'איז געװענ אָנהײב זומער-אָװנט, נאָכ א הײסנ יונ-טאָג, האָט קאָלעװ אשקענאזי פונדעסטװעגנ געטראָגנ אפנ קאָפּ א סויבעלענ היטל אונ איז געװענ אײַנגעטוליעט אינ א לאַנגער שװערער זשופּיצע פונ טונקל-גראנאטענעמ סאמעט, אינעװײניק אויסגעפּעלצט מיט פוטער אונ די ראַנדנ פאַרברעמט מיט סויבל. זײַנ קלײנ ראָזעװע פּנימ האָט זיכ אינגאנצנ פארגראָבנ אונ פארלוירנ אינעמ ברײטנ סויבעלענעמ קאָלנער פונ דער זשופּיצע.

לעבנ אימ איז אפנ טיש געשטאַנענ אנ אײַנציקער גרויסער לײַכטער פונ געקלאַפּטנ זילבער מיט געקרײַזלטע פאַרצירונגענ. אונ כאָטש ס'האָבנ זיכ נאָכ ארײַנגעכאַפּט אינ שטוב אַרײַנ לעצטע רעשטלעכ טאָג-ליכט, האָט שוינ, אפּאָנעמ, זײַט א היפּשער צײַט געטשאַדעט די גראָבע ליכט, װײַל א לאַנג עקל איבערגעברענטע קנויט האָט פונעמ פלעמל ארויסגעשטאַרצט, זיכ פונ מאָל צו מאָל צוריקגעכאַפּט מיט פײַער, אונ געמאַכט טריפנ דעמ כײלעװ, אזוי אַז סע האָט אַלצ מער אונ מער אראָפּגעטראָפּט אונ ארומגערינגלט דאָס ליכט מיט דינע זײַלעכלעכ.

קאָלעװ אשקענאזי איז געזעסנ מיט אָפענע אויגנ אונ האָט, אפּאָנעמ, האַלב געדרעמלט א זקנישנ דרעמל, װײַל ער האָט קײנ אײנ מאָל

נישט גענומענ די ליכט-שער פונ דער טאצ, וואס נאענט לעבנ אימ, אונ נישט אפגעשניצט די איבערגעברענטע קנויט. פונ מאל צו מאל האט ער פאמעלעכ אויפגעהויבנ זײַנ קאפּ, ווי צוגעהערט זיכ א רעגע צומ זומער-אווענטיקנ ראַש פונ דער גאס. א שמאלע הויכע פענצטער-ראמ מיט פילקאליריקע שײַבעלעכ, אײַנגעפאסטע אינ בלײַ, איז געווענ געעפנט ביז אינ דער העלפט, אבער דאס פענצטער אלײנ איז דרויסנ געווענ פארגראטעט מיט גראבע אײַזערנע גראטעס, פונ זיכערקײַט וועגנ. האט קאלעוו אשקענאזי א פאמעלעכנ קוימ אנזעעוודיקנ קער געטאנ אהינ דעמ קאפּ פונעמ קאלנער ארויס, אונ פאמעלעכ, אינ פארגעסנקײַט, צוריק אימ אראפּגעלאזט אינעמ סויבל ארײַנ.

ווענ מע האט ארײַנגעלאזט צו אימ די געסט, בענדיט סירקיס אונ טאדראס סעגאל מײַזלס, האט ער אפ זייער גרוס נישט געענטפערט אונ איז ווי פריער געבליבנ פארגליווערט זיצנ. דער מעשארעס, וואס איז מיט זיי אינײנעמ ארײַנגעקומענ, האט צוגערוקט שטולנ צומ טיש. קאלעוו אשקענאזי האט זײַנ קאפּ פונעמ קאלנער נישט ארויסגענומענ. בלויז א לײַכטער קער מיטנ פּאגעמ האט געגעבנ אנצוהערנ, אז ער דערלויבט די געסט זיכ זעצנ.

אונ טייקעפּ האט דער מעשארעס ארײַנגעבראכט א גרויסנ טשיבוק אונ אימ דערלאנגט זײַנ באלעבאס. קאלעוו אשקענאזי האט זיכ צערוקט אפ זײַנ שטול אונ, ניט געקוקט אפ זײַנע געסט, זארגעוודיק אנגעוויזנ ווי אזוי צוצוגרייטנ די ליולקע. דער מעשארעס האט אנגעצונדנ דעמ טאבעק מיט א העלצל, האט באהיטעוודיק אוועקגעלייגט דאס פּייקעקעפּל אפ א פּוסבענקעלע, אונ דערנאכ אנידערגעשטעלט פאר יעדערנ געשניצטע בעכערס פונ הארנ אפ צינערנע טעצלעכ. די בוטל, פונ וועלכער ער האט אײַנגעשענקט ווײַנ, א פּאַשעט הילצערנ קענדל מיט א צינערנ דעקל, אזעלכע ווי בײַ יעדנ ווײַנהענדלער אפנ מארק, האט ער אוועקגעשטעלט אפ דער ערד. לעבנ יעדנ בעכער האט ער אנידערגעלייגט א טעלערל מיט ברוינלעכנ לעבצעלטענעמ קוכנ. דערנאכ איז ער טייקעפּ שווײַגנדיק ארויס פונ דער שטוב.

קאלעוו אשקענאזי האט פאמעלעכ אונ פארשלאפנ געפּיפּקעט זײַנ ליולקע. מיט האלב-געעפנטע אויגנ האט ער נאכגעקוקט נאכ די רעדלעכ רויכ, וואס האבנ זיכ גיכ פארלוירנ אינ פארטונקלטנ טייל שטוב. ער האט גארנישט גערעדט. זײַנע געסט האבנ אויכ געשוויגנ. אכוצ אלעמ האט זיי צעטומלט זײַנ רויכערנ טאבעק, דעמלט נאכ א זעלטענע זאכ, פונ וועלטלעכער אונ גײַסטלעכער מאכט פאראכטעט

און באַשטראָפֿט. ס'איז געווען שרעקעוודיק און פֿריקרע, ווי ביי'זייענ-דיק אַן אויסגעלאַסנקייט פֿון אַ מאַכטיקן האַר, וואָס מע דאַרף דערביי נייגעריק, פֿאַרחשעמט און פֿאַרקלעמט שווייגן.

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט אַ קוק געטאָן אויף בענדיט סירקיסן און מיטאַמאָל צו אים אַ שאָקל געגעבן דעם קאָפּ און געוויזן אויפֿן טשי-בוק, צי ער וויל רייכערן. סירקיס האָט גיך געמאַכט מיט דער האַנט, אַז ניין. קאַלעוו אַשקענאַזי האָט צעעפֿנט די אויגן און כיטרע גע-שמייכלט. טאָדראָס סעגאַל מייזלס האָט ער נישט געפֿרעגט.

טאָדראָס סעגאַל מייזלס האָט אַ צעטראָגענער אָפּגעבראָכט אַ שטיקל קוכן, עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז און אַ זופּ געטאָן פֿונעם ווייַן.

— זויער... — האָט ער פֿאַרקנייטשט דאָס פּנים. ער האָט זיך אָבער טייקעף געכאַפּט און זיך נאָך מער צעטומלט. ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט.

—ס'ציט צונויף דעם גומען. — און גענומען קייַען דעם זיסן לעבצעלט.

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט שווייַגנדיק געפּיפּקעט פֿונעם טשיבוק. ער האָט זיך איינגאַנצן אויפֿגעמונטערט און דער שמייכל אויף זייַן פּנים איז צופֿרידענער געוואָרן.

בענדיט סירקיס האָט צוגעפֿירט דעם ווייַן צו די ליפּן, אָפּגעהיט אַ לעק געטאָן און טייקעף צוריקגעשטעלט אויפֿן טיש.

— זויער!.. — האָט איצט פּלוצעם קאַלעוו אַשקענאַזי מיט אַ זקיי-נישן קרעכץ אַ זאָג געטאָן דאָס ערשטע וואָרט צו זייַנע געסט. ער האָט מיט אַ דריבנעם היכץ שטיל אין זיך אַרייַנגעלאַכט.

— זויער... — האָט ער איבערגעכאַזערט, — זויערער ווייַן... — און האָט אויף זיי געקוקט מיט ווייניק באַהאַלטענעם שפּאָט, — ס'איז פֿון גומפּל דייַכעס דעם ווייַנהענדלערס קעלער.

— אַה... — די געסט האָבן זיך פֿון העפֿלעכקייט געכידעשט.

— פֿון גומפּל דייַכעס דעם ווייַנהענדלערס קעלער, — קאַלעוו אַשקענאַזי האָט מיט טיפֿער צופֿרידנקייט שטיל אין זיך אַרייַנגע-היכצט. — דער נאָגשיאָר, און עמער מיט אַ פֿערטל — צוויי גילדן פּויליש און אַכט גזשיוווניעס; אַ קוואָרט — זעקס גזשיוווניעס אַ פֿיר-גראָשן...—האָט ער אויסגערעכנט און פֿאַרטייַטשט.

— צוויי גילדן פּויליש אַכט גזשיוווניעס? — האָבן זיי זיך נאָך מער געכידעשט.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט עטלעכע מאָל אַ שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ זײַנע אויגנ האָבנ ביטערע געפינקלט. ער האָט ווײַטער געפּיפּקעט.

— צוויי גילדנ פּויליש אַכט גזשיוּוניעס? — האָט זיכ טאָדראָס סעגאַל מײַזלס נישט געקאָנט באַרויִקנ.

ער האָט געוויגט דעמ קאָפּ אונ פּאַרדראָסיק געשמוציערט מיט די ליפּנ: — מצ... מצ... מצ... — ער האָט אַ קנייטש געטאָנ דעמ שטערנ אונ געזאָגט.

— מינאַסטאַמ פּאַרדינט ער דערבײַ דאָס מיגדסטע אַנ אַכט גזשיוּוניעס...

— אַכט גזשיוּוניעס? — קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זקייניש געכיכ־קעט. — אַכט גזשיוּוניעס? — האָט ער שוינ אָנ אַ שמייכל אונ מיט טאַרומעס איבערגעכאַזערט. — אַכט גזשיוּוניעס? — ער האָט דראָ־עגדיק אַרויסגענומענ די ליולקע פונ מויל אונ אַרויסגעלופּעט די אויגנ אויפ טאָדראָס סעגאַל מײַזלס.

— וואָס רעד איכ, — האָט זיכ טאָדראָס גיכ באַטראַכט — מיס־טאָמע אַ גאַנצנ גילדנ פּויליש מיט אַכט גזשיוּוניעס...

— צוויי גילדנ. — האָט בעגדיט סירקיס מיט ברייטקײַט פאַריכט, קעדיי וואָס גיכער דעמ שמועס צו פאַרענדיקנ.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זיכ באַרויִקט, צוריק אַרײַנגענומענ די ליולקע אינ מויל אַרײַנ אונ געפּיפּקעט.

— אונ עפּשער... אַלעמײַ נישט זאָגנ טאַקע די גאַנצע צוויי גילדנ פּויליש אַכט גזשיוּוניעס?.. — פרעגנדיק אונ מיט אַ ציקלדיקנ געזאַנג האָט כאַדראָס קאָס אַ זאָג געטאָנ אינ דער לופט אַרײַנ, גרייט צוריק־צוכאַפּנ זײַנ וואָרט. — דער אַכבעראָש פּאַרדינט טאַקע דעמ גאַנצנ מעקועכ?

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט עטלעכע מאָל אַ צי געטאָנ פונ דער ליול־קע אונ צווישנ איינמאָל אונ דעמ צווייטנ געברומט.

— מער נאָכ! — אונ ווײַטער געריוכערט.

— מער נאָכ? — האָט זיכ שוינ טאָדראָס סעגאַל מײַזלס אי־בערגעשראָקנ. — ער פאַרדינט נאָכ מער ווי ער באַקומט פאַרנ ווײַנ? וויאַזוי איז דאָס געמאָ־אָ־לט?.. — האָט ער אַ זונג געטאָנ, אַרויס־ווײַזנדיק דערמיט, אַז ער האָט נאָכ גיכט באַוויזנ אויסצוטאָנ זײַנע לאַמדאָנישע מאַנירנ, וואָס האָבנ דאָ נישט געקאָנט אויסנעמענ.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט פרייליכ געפינטלט מיט זײַנע קלײנע אויגנ.

— וויאַזוי איז דאָס געמאָ־אָ־אַלט... — האָט ער זיכ קרעכצנדיק נאָכגעקרימט. — אונ דעמ לאַגער, דעמ לאַגער אַפּנ דנאָ פונ באָם האָט איר פאַרגעסנ, שיינע מוזיריינע קאַפּאָרעס? פונ וואָס מאַכט מענ הייזונ, הע?

— טאַקע, דער לאַגער?... — טאָדראָס האָט געדרייט מיטנ קאָפּ, ווי איינער זאָגט: ווי האָב איכ עס געקאָנט פאַרגעסנ, מע מוז דאָס דאָכ גוט באַטראַכטנ. ער האָט אומזיכער געקוקט, צי מיינט דאָס קאַלעוו אשקענאַזי אָפּ ערנסט.

— באַרבאַרעס!.. — האָט טאָדראָס סעגאַל מײַזלס זיכ געבייזערט.

— כי־כי־כי!.. גאַנעוו! — קאַלעוו אשקענאַזי האָט אינ זיכ אַרײַנ־געהיכצט מיט א דינ זקײניש קאָל.

— ווער? — האָט טאָדראָס צעשראָקנ א פרעג געטאָנ.

— דער בער. — קאַלעוו אשקענאַזי האָט אויפגעהערט היכצנ, האָט צוריק פאַרזשמורעט די אויגנ, אונ אָפּגעלאָזנ שלעפעריק געצויגנ רויכ פונ דער ליולקע.

ס'איז ווידער געוואָרנ שטיל.

פונ צעטראָגנקייט האָט טאָדראָס סעגאַל מײַזלס זיכ אומגעקוקט אינ ווי געווינעט באַטראַכט די אַלטיערושעלדיקע רײַכקייט פונ די זאַכנ אינ דעמ ריזיקנ שטאַרק פאַרטונקלטנ פּאָקוי. די ווענט אונ דער באַלקנ זײַנענ געווענ באַלייגט מיט רײַכ־געשניצטע טאַפּליעס פונ דעמב, העב־באַנ אונ רויטלעכע איבעריאַמישע געהילצ, מיט פערלמוטערנע אָר־נאַמענטנ אינקרוסטירט. אומעטומ זײַנענ אַרומגעלעגנ טעפּיכער פונ איספּאַראַנ אונ כאָמאָראָקאָנ, האַמאַסטענע טיכער געהאָפּטענע מיט פּאָמעראַנצענע אונ זילבערנע פעדעמ, זײַדענע שאַלנ פונ קאַשימיר אונ באַגדאַד. אינ דער האַלבער טונקלקייט האָבנ אַראָפּגעבלישטשעט פונ די שווערע אײַדל געבוינענע אונ פּאָלירטע שאַפעס אונ אויגסבורגער קאַסטנס געקלאַפּטע אונ אויפגעבלאָזענע זילבערנע אונ גאָלדענע געפעסנ פונ נירנבערגער מײַסטערס, געשליפנ קרישטאָלנ גלאָזוואַרג פונ ווענע־ציע, געפּאַסט אינ געשניצטנ עלפנביינ. לעבנ פענצטער איז געשטאַנענ א גרויסע פלאָרענטינער שאַנק מיט פאַרמאַכטע טירלעכ אונ באַשלאָגנ מיט בראָנזענע אָרנאַמענטנ.

די גאַנצע שטאָט האָט געוווּסט, אַז דאָרט ליגט נישט קיינ גאָלד, נישט קיינ זילבער, נאָר ביכער אונ פאַרמעטנ פונ סווידעספּולער אונ פרעמדער געלערנטקייט אינ לאַשנקוידישער אונ אינ גאַלאַכישער שפּראַכ: וועגנ שטערנזעערײַ, וועלטבאַשאַפונג, פילאָסאָפיע אונ אַלע

איבעריקע זיבנ וויסנשאפטנ, אונ אפילע פונ די קריסטלעכע הייליקע ביכער, קעדיי צו ווייסנ וואָס צו ענטפערנ בא וויקוכים. מע האָט זיכ וועגנ דעמ אײַנגערוימט אינ די אויערנ, ווײַל קאָלעוו אשקענאזי האָט נישט ליב געהאט, מע זאָל דערמאָנענ זײַנ נאָמענ אומנישט. וועגנ ס'איז איבעריק, אונ די מענטשנ האָבנ געוווסט, אז טאָנ וואָס קאָלעוו אשקענאזי איז נישט ניכע, האָט זיכ אפילע אינ קלייניקייטנ ביז אייצט דערווײַל נאָכ קיינעמ נישט געלוינט. אויסנווייניק איז דאָס ברייטגע־בוימטע, גיט־אויסגעפאריכטע הויז געווענ גרוילעכ־געל אונ ארעמלעכ. אינ־ווייניק אָבער פול מיט טײַערסטע קעסטלעכקײטנ. טאָדראָס האָט געקרישלט ברײַזלעכ פונעמ קוכנ אונ זיי געקײַט מיט די ליפנ.

קאָלעוו אשקענאזי האָט אלצ געשוויגנ. ער האָט אויסגעלייגט די ליולקע אונ פארמאכט די אויגנ, אשטייגער די געסט וואָלטנ נישט געווענ. ער האָט דײַטלעכ געוויזנ, אז ער וויל שוינ וועגנ גאָרנישט מער ריידנ. בענדיט סירקים האָט מיט אומרו דערפילט, אז דער זאָכנ פארשטייט ווויל צוליב וואָס זיי זײַנענ געקומענ.

וואָס האָט ער געקאָנט אנדערש טאָנ ווי אהיימ גיינ?

אזוי האָט זיכ דעמלט די ערשטע באגעגעניש געענדיקט מיט גאָרנישט.

# דריטער קאַפּיטל

ווענ די געסט זײַנענ דרײַ טעג שפּעטער א צווייטנ מאָל געקומענ צו קאָלעוו אשקענאזי, אונ מע האָט זיי געהאַט אָנגעגאָסנ זויערנ ווײַנ פונ א פּאָשעטער בוטל, האָט ער זיכ טויקעפּ מונטער אונ אופגעוועקט צו זיי געווענדט.

— ווענג גאַנאַווים אויכ...

— וואָסערע גאַנאַווים? — האָט זיכ טאָדראָס סעגאַל מײַזלם געכידעשט.

— פּאָשעטע גאַנאַווים, — האָט בענדיט סירקים א צערייצטער געוואָלט איבערהאַקנ דעם שמועס.

קאָלעוו אשקענאזי האָט ארויסגענומענ די ליולקע פונ מויל אונ א שיט געגעבנ מיט ווערטער.

— קלאָווים, גאַנאַווים, ראַשע מערושע, א כוצפע אנ אישע, קאַ־שע מיט ראַשע, צווייטנ מיט קנויטנ, לעמפּלעכ מיט וועמפּלעכ אײַ־אײַ־אײַ...

בענדיט סירקים איז אומגעדולדיק געוואָרנ. אזוי וועט ער נישט אָנקומענ קיינ טריט ווײַטער. ער האָט אופגעהויבנ זײַנ שווערנ גע־פּאַקטנ קערפּער.

— נעמט פאר ליב.

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ אוועקגעלייגט די ליולקע אינ א זײַט. איז קרעכצנדיק אופגעשטאַנענ, האָט מיט שטײַפע אומבאהאָלפענע פינגער צונויפגענומענ אפ זיכ די זשופּיצע אונ ארײַנגעלייגט די הענט אינ די ברייטע ארבל. איצט האָט מענ געקאָנט זענ, ווי גאָר קליינ

אונ אײַנגעשרומפּנ קאָלעוו אשקענאזי איז געווענ אינ דער גרויסער שווערער זשופּיצע. ער האָט א רופּ געטאָנ.

— ווײַבל באס!

דער מעשאָרעס, וואָס מע האָט אימ גערופּנ ווײַבל באס, איז ארײַנגעקומענ. געזענ אלע דרײַ שטײנ האָט ער טײקעפּ ארײַנגעבראכט א בינטל געשריפּטסנ אונ צוויי גרויסע זילבערנע לײַכטער מיט ליכט. קאָלעוו אשקענאזי האָט אימ געפרעגט.

— געכאַפּט הײַנט א מײַזל? אלע טאָג אײנ מײַזל... אונ אנ עק צו מײַזלס. כי־כי...

— געכאַפּט. — האָט ווײַבל באס ערנסט געענטפערט.

טאָדראָס סעגאל מײַזלס האָט זיך צעטומלט. קאָלעוו אשקענאזי איז געשטאנענ מיט די הענט פארלײגט אינ די ארבל. סע האָט אויסגעזענ, ווי אז בלויז די זשופּיצע האַלט זײַנ קלײנינקנ אײַנגעשרומפּענעמ גופ. גוט אופגעלײגט האָט ער א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ צו בענדיט סיחקיסונ.

— פארנעמ פונ שטאָט... — אונ געווונקענ ער זאָל זיך זעצנ.

בענדיט האָט זיך אײַנגעשפּארט אונ איז געבליבנ שטײנ.

— נעמט פאר ליב...

קאָלעוו אשקענאזי האָט געפינטלט מיט די אויגנ.

— פארנעמ גײט פאר ראָטמאנ... ראָטמענער זײַנענ פיר, טווים פינפ, דאיאָנימ... אונטערשטע, צווייטיקע, דריטיקע... — ער האָט ארויסגענומענ די הענט פונעמ ארבל, צײלנדיק אײַנגעבויגנ פינגער נאָכ פינגער, אונ פרײלעכ פארזשמורעט די אויגנ. פלוצעמ האָט ער איבערגעריסנ די רײד אונ א קוק געטאָנ אפ טאָדראָס סעגאל מײַזלס, וואָס האָט זיך דערווײַל, גײשט ווארטנדיק אפנ סאָפ פונעמ סיכסעכ, אנידערגעזעצט. האָט דער זאָקנ געמיטלעכ אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ אינ א זײַט, באטראכט א ווײַלע טאָדראָסנ אונ אָנגעוויזנ אפ אימ מיטנ פינגער.

— שטײ אופ!

טאָדראָס סעגאל מײַזלס איז גיכ צוריק אופגעשטאנענ.

— דאיענ!.. — האָט קאָלעוו אשקענאזי געשמײכלט מיט פרײַנט־לעכנ פאריבל.

טאָדראָס סעגאל מײַזלס האָט עפּעס געמורמלט.

— ווײַבל באס! — האָט קאָלעוו אשקענאזי א רופּ געטאָנ אונ געוויזנ אינ טאָדראָסעס זײַט. — לײג אימ אפּ שטול א קישנ.

ווײַבל באַם האָט אַרײַנגעבראַכט א גרויס געהאַפּטנ קישנ פונ טונקל־גרינעם אומרעכמעטער סאַמעט אונ אנידערגעלייגט אַפּ טאָדראָסעס שטול.

— נאָכ.

ווײַבל באַם האָט אַרײַנגעבראַכט נאָכ א גרויס קישנ אונ אַרופּגעלייגט אַפּנ ערשטנ.

— נאָכ!

ווײַבל באַם האָט נאָכ אַרײַנגעבראַכט א קישנ.

קאָלעוו אשקענאַזי האָט פאַרשטנדיק באַטראַכט דעם באַרג קישנס אונ אויסגעפּרוווט מיטנ קוק די הייכ.

— גענוג.

ווײַבל איז אַרויסגעגאַנגענ. קאָלעוו אשקענאַזי האָט זיכ ווידער געווענדעט צו בענדיט סירקיסנ אונ ווײַטער גוט אויפגעלייגט גענומענ ציילנ אײַנבייגנדיק צו איינ פינגער איטלעכס מאָל.

— ...אונ ווײַטער... שרײַבערס בײַ די טוויים, אונ ווידער... אלופים, אונ אָבער אמאָל פאַרקלייבטע אַפּ יעסויימים־געלטנ, אַפּנ קעסטל פונ "משאָפּאָווי... פאַרנעס איז נאָר איינער, דער סעניאָר פונ אַלעמענ, געקליבנ פונ ראָטמענער, באַגיטיקט פונ קיניג, אונטערגעוואָרפנ בלויז צו זײַנ געריכט... פאַרנעס!.. — קאָלעוו אשקענאַזי האָט אַקשאָנעסדיק געוויזנ, ער זאָל זיכ פריִער זעצנ.

בענדיט סירקיס האָט צעבייזערט אונ אומבאַהאָלפנ אַוועקגעקוקט אינ א זײַט. ער האָט אָפּגעווישט דעם שוויים פונ זײַנ ריזיקנ אָפּגעגאָלטנ שאַרבנ. דערנאָכ האָט ער א היסטל געטאָנ אונ געמורמלט.

— זײַנ הויכער קאָוועד זאָל זיכ זעצנ... זאָלסט באַשיצנ דאָס פּאָנעם פונ א זאָקנ, פונ א האַר בײַ יִידנ, גאָענ זונ פונ געוינים, טוירע אונ רײַכקײַט, דער אויבערשטער פונ אַלע זינ אינ גאָלעס... נעמט פאַר ליב... — אינ פרײַנטלעכ געלערנטע רייד איז סירקיס געווענ וויינעק געניט. ער האָט זיכ פאַרלוירנ. קאָלעוו אשקענאַזי האָט אויפגעהויבנ די אויגנ צום באַלקנ, ווי וועלנדיק דערמיט זאָגנ: איכ קאָנ וואַרטנ.

— סעניאָר גייט פריִער...

בענדיט סירקיס האָט זיכ א צעבייזערטער פּלוצעם אנידערגעזעצט. אונ טייקעפּ נאָכ אים קאָלעוו אשקענאַזי.

— וואָס שטייסטו? — האָט ער טאָדראָסנ געפרעגט. טאָדראָס סעגאַל מיזלס האָט מיט צעטראָגנקײַט אָנגעקוקט דעם באַרג קישנס

אפ זײַנ שטול. ער האָט אופגעהויבנ א קישנ אונ געוואָלט דאָס אוועקלייגנ.

— וואָס טוסטו? — האָט קאָלעוו אשקענאזי דראָענדיק געפרעגט. טאָדראָס סעגאַל מײַזלס האָט זיכ טיפ דערשראָקנ.

— זעצ זיכ.

טאָדראָס סעגאַל מײַזלס האָט פארצווייפלט געקוקט אפנ באַרג קישנס אונ נישט געקאָנט באַשליסנ.

— ס'איז צופיל... אָט־אָ דאָס... — האָט ער צעטראָגנ געוויזנ אפ די קישנס.

— נישט צופיל, — האָט קאָלעוו אשקענאזי אפגעווענדט, — פאַר טוירע נישט צופיל.

— נו... — האָט זיכ טאָדראָס געבעטנ. אפ זײַנ שטערנ האָבנ זיכ באַוויזנ טראָפּנס שווייס. ער האָט פארקרימט דאָס מויל מיט א געפּײַניקטנ שמייכל. זײַנ רויטלעכ־גרויליכע באָרד אונ די עקיקע האר רע פלייצעס האָבנ זיכ האַכנאָעדיק געשאָקלט.

— ווער בינ איכ, דער מינדסטער צווישנ די האַרנ פונ יִסראָעל...

דער זאָקנ האָט טאַרומעסדיק אונ פארוווּנדערט אויסגעוואָרפנ:

— ווער בינ איכ... האָט ער זיכ נאָכגעקרימט — בעסדינ זײַנט איר, אונ בינדט צו אונ בינדט אופ. לויט אײַער מויל ווערט אלצ באַשלאָסנ, אָנ אײַער כסימע איז קיינ געשריפטס, קיינ באַשלוס, קיינ מישפּעט, קיינ לייב־שטראָף, קיינ אָפּמאַכ, קיינ כיירעמ, קיינ טנאָימ, גאָרנישט. אײַכ איז שײַנ קאָוועד, גדולע אונ פראַכט. ווער בינ איכ...— האָט ער מיט פארדראָס זיכ נאָכאַמאָל איבערגעקרימט.

בעדינט סירקיס איז געווענ באַרויגעז. צי וועט זיכ טאַקע הײַנט ווידער ענדיקנ מיט גאָרנישט?

— זעצט זיכ... — האָט זיכ סירקיס שטרענג געווענדט צו טאָד־ראָסנ.

טאָדראָס האָט א באַליידיקטער געמורמלט. ער האָט אומבאַהאָלפנ ארומגעקלעטערט אפנ באַרג קישנס. הויכ אויבנ האָט ער מעשונעדיק געשטאַרצט איבער אַלעמענס קעפּ. ער האָט פארלייגט די הענט אינ די ארבל אונ זיכ פאַמעלעכנ פרומ געשאָקלט. קאָלעוו אשקענאזי האָט אפ אימ צופרידנ געקוקט אונ אינ זיכ ארײַנגעהיכצט.

טאָדראָס האָט זיכ מיטנ ארבל פונ זײַנ שוואַרצנ אטלאָסענעמ כאַ־לאַט אפגעווישט דעמ שווייס פונעמ שטערנ. קאָלעוו האָט אימ גע־פרעגט.

— האָט איר עס פירגעזאָגט דעם שרײַבער די געשריפטנ?

— נישט איך. — טאָדראָס האָט א װאָרפ געטאָנ א קוק אפ בענדיט סירקיסנ.

— נישט? — קאָלעװ אשקענאזי האָט אומצופרידנ געדרייט מיטנ קאָפ. — אונ עפשער װעט גראָד איר װארפנ דער ערשטער אונטערשרײַבנ. — דאָס איז געװענ א צוזאָגנדיקע אָנצוהערעניש, אז מײַזלס קאָנ אינ גיכנ װערנ דער אויבערשטער פונ בעסדינ, דער ראָװ אונ יידנ־פרעפעקט.

בענדיט האָט זיך אפ דעמ גישט געריכט. ער האָט נישט געװוסט, איז דאָס אנ אָנבאָט אפ שאָלעמ, אימ, בענדיט סירקיסנ, אָדער פאר־קערט, טאָדראָסנ א װונק: אזוי אונ אזוי.

טאָדראָס האָט געשװיגנ, שטארצנדיק הויך אויבנ. זײַנע פיס האָבנ מעשונעדיק אראָפגעבאָמבלט פונ די געדראָלענע קישנס.

---

בענדיט סירקיס האָט באטראכט א בלאט פונ די געשריפטנ. — װעגנ דעמ גאנעװ יאָזעפ סאליטראק.

— ארויסװארפנ פונ שטאָט, — האָט זיך קאָלעװ אשקענאזי געבייזערט. בענדיט סירקיס האָט פאמעלעך אונ אומזיכער געלייענט:

— ...דער ייִנג יאָסעפ־יאָזעפ בענ זײַנװול סאליטראק דעמ שנײַדערס, געבענטשט זײַנ אָנדענק, האָט בײַקענט, דאָס ער האָט אייַנ בײַלעק אָנ דער גנייװע, װאָס דאָ איז געשענ דעמ גװיר יויעל טאנכומ ישעיע, דעהײַנע כּאָנ צװיי הונדערט אונ נײַנציק גילדנ פויליש מעזומאָנימ, אונ האָט אנדערע לײַט אויך אָנגעפירט צו דער גנייװע, דאָס האָבנ מיט אימ אייַנ בײַלעק געהאט. אזוי איז דער פסאק ארויסגעגאנגענ פונ די ראָטמענערס הויכנ קאָװעד, דאָס מענ האָט אימ אָפגענומענ רעכט װוינענ אינ שטאָט, דאָס אלע זײַנע אויבעריקע יאָרנ נית הערקומענ, נית אימ צו זענ אונ נית אימ צו געפינענ. אונ מענ זאָל אימ שמײַסנ פאר דער שול מיט די װאכטערס, די רעקנ * פונ קאהאָל. אונ מענ זאָל אימ באלייטנ צו דער שטאָט ארויס ביז צומ פעלד ארויס. אונ אויב ער מעכט איינמאָל ווי הערקומענ, זוי איז זײַנ אויסגעפאלענער

* דער װערטלעכער באטײַט פונעמ װאָרט „רעק” איז: ריז, העלד, געמיינט איז: קאהאָלשער דינער אפ אויסצופירנ פארשיידענערליי שליכעסנ, רעכטס־טאטנ אונ שטראָף־עקזעקוציעס.

מישפעט, דאָס מען איז וועט זײַן אויערן אָפּשנײַדן, כּוץ איבעריקע שטראָפן, דאָס מעג אים ווערט אָנטאָן. און אַף צו פאַרשטאַרקן האָט זיך דער יונג אַליינט אונטערגעכאַסמעט... מאַנטיק, זיבן טאָג אין טאַמוז פון יאָר פיר הונדערט זיבן און דרײַסיק לויט דער קליינער יאָרן־ציילונג.

די געשריפטסטן, וואָס בענדיט האָט אויסגעקליבן לייענען, זײַנען געווען געשריבן טײַטש, דאָס איז ייִדיש, ווײַל דער יינג יאָזפע האָט זיי געהאַרפט אונטערשרײַבן און פאַרשטיין. בענדיט האָט באַטראַכט נישט בעטן טאַדראָסג לייענען, ווײַל קאַלעוו אַשקענאַזי וואָלט ווידער אָנגעצויגן פאַרטלען, אַף אָפּצורוקן דעם איניען, וועגן וועלכן זיי זײַנען געקומען, וואָס אַלע האָבן אַף אים געוואַרט און זיך געמאַכט ניט־ווייסנדיק.

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט פאַרמאַכט די אויגן און גאַרנישט געזאָגט. בענדיט האָט דאָס בלאַט אוועקגעלייגט און גענומען אַן אַנדערס.

— וועגן דעם גאַנצן וואָמע דרוקערס... דעם זעלבן פּסאַק... — און געוואָלט דאָס אוועקלייגן.

— ניין. — קאַלעוו אַשקענאַזי האָט געעפנט די אויגן.

— אה...?

— יאָזפע סאָליטראַק האָט עפּשער נישט געגאַנווועט.

— ס'רעדט זיך רייד וועגן וואָמע דרוקערס.

— יאָזפע סאָליטראַק האָט בא זײַן באַלעבאָס יויעל טאַנכום מי־נאַסטאַם גאַרנישט געגאַנווועט. קיינער האָט בא אים מינאַסטאַם נישט געגאַנווועט. ער האָט מינאַסטאַם אַליין בא זיך געגאַנווועט.

— אַליין?

— אַליין.

בענדיט האָט פאַרדראָסיק צוריק אַרויסגענומען דאָס געשריפטס.

— טויג נישט דער פּסאַק.

— פּסאַק איז פּסאַק. יאָזפע האָט עפּשער ערגעץ אַנדערשוווּ גע־גאַנווועט.

בענדיט האָט צוריק אוועקגעלייגט דאָס בלאַט און געוואַרט, ביז קאַלעוו אַשקענאַזי וועט זאָגן וועגן וואָמע דרוקערס.

— ...דעם דרוקערס? — האָט זיך קאַלעוו אַשקענאַזי באַמיט צו דערמאָנען — דאָס איז ער דאָך דער הערשט פון דער שטיקע בעטלעריס, * נאָכעם בעטלערס זין: קאַלמענקע בעטלער, לייווי בעטלער,

* בעטלעריס — א פאמיליען־נאָמען.

הירצ בעטלער, מעשולעמ בעטלער, נעצ בעטלער, עליאָקימ בעטלער... דער קאָהאָלשער רעק. אַהאַ?

— יאָ, דער הונט־שלעגער.

— ער פאָלגט קאָהאָל, ער גייט אינ שליכעס אונ שווייגט, ער שלאָגט זיכ, אז מע הייסט, באמ געלאָפ פונ סכאָלארנ...

טאָדראָס סעגאַל מייזלס האָט געזען, וואָס קאַלעוו אשקענאזי איז אויסנ. גרייט צו דינענ, האָט ער טייקעפ אונטערגעכאפט:

— ווראָמע דעמ דרוקערס מוז אופהערנ גאנווענענ, זאָל מענ אימ וואָרענענ אָפ לייב אונ לעבנ.

געוווסט האָבנ אלע, אז דער ריזיק שטארקער ווראָמע דרוקערס איז אָפ קאָלעוו אשקענאזימ אויסהאלט. בענדיט סירקימ האָט נישט געקאָנט איינהאלטנ זיינ צערייצטקייט, וואָס דער ביטערער זאָקנ פארציט די ציינ מיט נישטיקע זאכנ.

— די גאנצע שטאָט ווייזט אפ אימ מיט די פינגער. ער גאנוועט מיט זיינ בעזהורע אינמיטנ טאָג.

קאָלעוו אשקענאזי איז געוואָרנ זייער מונטער.

— יאָ... — ער האָט געשאָקלט מיטנ קאָפ, ווי מאסקימ צו זיינ מיט בענדיטס רייד. — ווי צו דער בושע... אהא... יינגענ, געזעלנ פונ וויינט אונ פונ נאָענט שטראָמענ אינ אונדזער שטאָט, פארפלייצנ די באלמעלאָכעס, הוליענ אויסגעלאסנ מיט קעכנעס אונ ווארטעהנס אונ גייענ אינ קרומע וועגנ. צי וועלנ מיר שווייגנ אונ זאָגנ: שאָלעמ אינ אונדזערע געצעלטנ, ס'איז גאָרנישט? א־א... גאָרנישט? — ער האָט געקוקט פארכידעשט אָפ זיינע געסט.

בענדיט סירקימ האָט זיכ איטווייניק געוואָרפנ פונ קאס איבער דעמ נייעמ פאָרטל. ער האָט טעמפ געפילט, אז דאָס האָט עפעס א שייכעס צו דאָבריש, בראמעק קלעזמערס יונגער אלמאָנע, וואָס האָט געוווינט בא אימ אינ הויז אונ געפילעוועט זיינ קראנק ווייב. ער האָט זיכ נישט געריכט, אז קאָלעוו אשקענאזי וועט אזוי גרינג צעטומלענ טאָדראָס סעגאל מייזלס, אונ האָט באדויערט, וואָס ער האָט נישט טייקעפ אָנגעהויבנ מיטנ אייגנטלעכנ איניענ.

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ געווענדט צו טאָדראָסנ: — שרייב.

טאָדראָס סעגאל מייזלס איז גערנ אראָפ פונעמ הויפנ קישנס. אומאנטשלאָסנ האָט ער גענומענ א קישנ אונ געזוכט ווו עס אוועקצולייגנ. קאָלעוו אשקענאזי האָט שטרענג א זאָג געטאָנ:

— ריר נישט! — ער האָט גערופנ ווייבל באס.

— ראַם אָפּ.

ווײַבל באַס האָט געבראַכט שרײַבוואַרג.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט פֿאַרגעזאָגט אַ טאַקאָנע און טאַראַראַס סעגאַל מזל האָט געשריבן. דער זאַקן האָט זיך געקלאַפּט מיט די פֿינגער אָפֿן ציניערנעם טעצל פֿון זײַן ווײַנבעכער און צוגעשאָקלט צום טאַקט פֿון די העברייִשע זאַצן:

„... פֿון וועגן די קאָכערינס, וואָס מע רופֿט קעכנעס און וואַרטערינס, וואָס זיי פֿאַרמערן זייער פֿאַרלאַנג נאָך סכירעס, אַז מערסטנטיילס מענטשן קאָנען נישט מער אויסהאַלטן... און וועגן די גרויסע סכירעס ווערן זיי אויסגעלאַסן, דרייען זיך אַרום מיט אויסגעשטרעקטע שטאָלצע האַלדז, אויסגעפּוצט און פֿאַרשײַט אין די גאַסן פֿון אונדזער שטאָט, און פֿאַרפֿירן פֿון וועג אַראָפּ, גאָט דערבאַרעם, אַ סאַך פֿון אונדזערע יונגע לײַט, באַזונדערס פֿון די אָרעמע אין פֿאָלק, די געזעלן און יינגע יונגען פֿון ישׂראָעל, וואָס געוויינען זייערע הענט צו יעדער קונסטפֿאַרטיקײַט בײַ די מײַסטערים צו לערנען קענטעניש און געניטשאַפֿט, און עס קומט צו זאַכן פֿון אַוויירעס, און זיי פֿאַרפֿירן צו טון, וואָס מע טאָר נישט, צו ווידערשפּעניקונג, פֿאַרשווענדונג און גנייווע, אַז גאָט דערבאַרעם... דעריבער האָבן מיר באַשלאָסן, אַז פֿון הײַנט אָן און ווײַטער זאָל יעדער באַלעבאָס, וואָס זײַן געזינד איז נישט גרויס, צאָלן דער קעהילע אין זומער־זמאַן נישט מער ווי זיבן גילדן פּויליש און אין ווינטער־זמאַן אַכט, און אין אַ גרויס הויזגעזינט נײַן און צען גילדן פּויליש... פֿאַר ווידערשפּעניקן די טאַקאָנע מוז דער באַלעבאָס צאָלן צען גילדן קנאַס דעם קאָהאָל... אויך טאָרן זיי נישט נעמען קיין שום מאַטאָנעס אין דער וועלט נישט, כוץ פּורים ביז צו אַ האַלבן טאַלער, נישט מער. די קעכנעס און וואַרטאָרינס, וואָס ווידערשפּעניקן די טאַקאָנע, סײַ ווען ס'איז געקומען צו די אויערן פֿון קאָהאָל, סײַ זיי באַוויזן זיך אין גאַס אין טײַערע קליידער, ווי שיך מיט שפּאַנגען, קליידער פֿון זײַד אָדער דאַמאַסט... אויב היגע — פֿאַרלירן די סכירעס און טאָרן פֿינף יאָר נישט ווערן געדונגען, אויב פֿרעמדע — מוזן זיי כוץ דעם פֿאַרלאָזן די שטאָט...“

בענדיט סירקיס האָט פֿון קאַס אויסגעטרונקען דעם ווײַן. אין געפּענטעטן צאָרן האָט ער בלויז געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַז גוט אַזוי און ער איז מאַסקים.

— זויער... — קאָלעוו אַשקענאַזי האָט געוויזן אָפֿן ווײַן און באַ־

דויערנדיק געדרייט מיטנ קאָפּ. סירקיס האָט געמאכט א באוועגונג, ווי ער וואָלט זיכ געקליבנ אופשטיינ פונעמ שטול.

— נעמט, פאר ליב, אייער קאווע...

קאָליעוו אשקענאזי האָט נישט געענטפערט. ער האָט זיכ גע-ווענדט צו טאָדראָס סעגאל מייזליס.

— שרייב וועגנ ווראָמע דעמ דרוקערס. — אונ טייקעפּ האָט ער אָנגעהויבנ פירצוזאָגנ אפ טייטש, קעדיי ווראָמע זאָל קאָנענ באלד אונטערשרייבנ לייענענ.

— „...ווראָהאָמ דרוקערס האָט זיכ דערגעבנ אונ געכאסמעט, דאָס ער וויל נישט מער נאָכגיינ זעלבע קרומע וועגנ פונ גנייוועס אָדער צו זיינ אינ כעווערע גאַנאָווימ, זוי ווי עס אפ אימ געוויזנ האָט — דאָס ער האָט קאָמע גנייוועס געטאָנ, וועלכעס מענ אימ געשטראָפט האָט מיט טפיסע, אונ איז אפ אימ באשלאָסנ, דאָס אויב עפּעס אפ אימ מעכט קומענ, דאָס ער זעלט זעלבע וועגנ נאָכגיינ, זאָל אימ קיינ ענטפער אונ אויסרייד אינ דער וועלט נישט העלפנ. אונ אליינט זיכ געכאכמעט, דאָס ווענ עפּעס אפ אימ קומענ זעלט, דאָס זעלט אװעק אויס דער קעהילע מיט ווייב אונ קינד, אונ זאָל אימ קיינ שומ טערעצ אינ אויסרייד אינ דער וועלט נישט העלפנ. אונ וואָס געשענ איז גע-שענ..."

קאָלעוו אשקענאזי איז אופגעשטאנענ. די געסט האָבנ זיכ טייקעפּ געזעגנט. אזוי האָט זיכ ווידער די באגעגעניש געענדיקט מיט גאָרנישט.

בענדיט סירקיסנ האָט אינ די פינצטערע גאסנ פירגעלייכט זיינ מעשאָרעס. טאָדראָס האָט געמוזט טאפּנ אינ דער פינצטער, ווייל בענדיט סירקיס האָט אימ נישט באלייט. עס האָט אימ אפ טאָדראָסנ שטארק פארדראָסנ.

בענדיט סירקיס, דער מאכטיקער גוויר אונ נגיער פארנעס, דער סעניאָר איבער די ייִדנ אינ דער קראָקעווער אונ סאנדאָמירער וואָיע-וואָדסטווע, האָט דערפילט זיינ נישטיקייט קעגנ דעמ קיניג יאנ סאָב-יעסקיס הויפּ-אָפיציאל*, דעמ רייכסטנ ייִדנ פונ פוילנ, דעמ באַ-רימטנ מיוכעס פונ א דייטשער מישפּאָכע אונ דערצו דעמ גרויסנ ייִדישנ בוכ-געלערנטנ פונ זיינ צייט, וואָס האָט געשעמט מיט זיינע קענטעניש אינ אסטראָנאָמיע אונ קאָסמאָגאָניע, צו וועלכנ עס האָבנ זיכ געווענדט פונ דייטשלאנד אונ איטאליע ייִדישע אונ אפילע

* קיניגלעכער הויפּ-פאקטער.

קריסטלעכע געלערנטע, וואָס האָט געהאַלטנ אינ דער האַנט דעם וואַיעוואָדע אונ דעם מאַגיסטראַט, געטאָנ אינ דער גאַנצער וואַיעוואָדסטווע, וואָס זײַנ האַרצ האָט געגלוסט, אונ אַלײנ איז ער געבליבנ פאַרבאָרגנ אינ שאָטנ — קענענ קאַלעוו אַשקענאַזי גיגזבורג.

סירקיס האָט זיכ דערמאָנט אינ וואַלענטי גולוויעצ אונ האָט זיכ באַרויִקט. ווער קאָנ עפּעס פאַרווערנ דעם הראַביִאַ וואַלענטי גולוויעצ?

---

ווי די געסט זײַנענ אַוועקגעגאַנגענ, האָט מענ צו קאַלעוו אַשקענאַז אַרײַנגעלאָזט א ריזיקנ פּאַרשוינ מיט א צוגעפּלעטשטער נאָז. דעמ קודלאַטנ קאָפּ זײַנעמ האָט דער פּאַרשוינ געהאַלטנ אַראָפּגעבויגנ אַפ א מאַכטיק ברייטער ברוסט. קאַלעוו אַשקענאַזי איז געזעסנ מיט פאַרמאַכטע אויגנ אונ האָט גאָרנישט געזאָגט. דער פּאַרשוינ האָט א היפּשע ווײַלע געוואַרט לעבנ דער טיר, צעטראָגנ געהויבנ איינ פוס נאָכנ אַנדערנ, בלײַבנדיק שטיינ אַפ איינ אָרט, אונ לעסאָפ זיכ נישט מער געקאָנט אײַנהאַלטנ.

— איכ האָב זיכ דאָכ שוינ מוידע געווענ, אײַער קאָוועד... — פונ קאַלעוו אַשקענאַזי איז נישט געקומענ קיינ ענטפער.

— איכ האָב דאָכ שוינ אַלצ צוריק אָפּגעגעבנ. — קאַלעוו אַשקענאַזי האָט שטיל געוואָרטשעט.

— א־א?

— דער ריזיקער פּאַרשוינ האָט זיכ א צעשראָקענעמ טרייסל געטאָנ אונ געוואַרט. ער האָט א ווײַלע נאָכגעטראַכט אונ מיטאַמאָל באַשלאָסנ. אונטערטעניק שאַרנדיק מיט דער האַנט, האָט ער גיכ געזאָגט אונ זיכ פאַרכלינעט.

— בײַ מײַנ נעמאָנעמ געשווירנ, איבערגעלאָזט האָב איכ בלויז ברײַזלעכ אונ קרישקעלעכ... פאַר די בעטלערים... מער גאָרנישט, גאָרנישט...

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט שטיל געהיכצט.

— שאַנעוועסט זייער מי, א־א?..

דער קודלאַטער פּאַרשוינ האָט לאָקערנדיק אויפגעהויבנ דעם קאָפּ אונ אויסוואַרטנדיק געהאָרכט. ער האָט געהוסט אונ געזוכט פּאַסיקע ווערטער, קלײַבנדיק זיכ עפּעס זאָגנ. קאַלעוו אַשקענאַזי האָט מיטאַמאָל געעפנט די אויגנ אונ אַפ אימ א מוטנעמ קוק געטאָנ.

— א־א?..

דער פארשוין האט זיך געכאפט אפ צוריק און ווידער אראפגע־לאזט דעם קאפ אפ דער ברוסט.

— איך וועל שוין מער נישט, ווייל כ׳וועל לעבן... בא מיין נעמאָ־געם געשווירן...

קאלעוו אשקענאזי האט בייז א ברום געטאן:

— אוועק.

דער פארשוין האט אופגעאָטעמט און איז אפ שפיץ פינגער שטיל ארויס פון פאקוי.

דאס איז געווען וואָמע דרוקערס, דער קאהאלשער רעק.

## פערטער קאפּיטל

דער שענקער, אָנגעטאָנ אינ א גרויסנ לעדער-פארטעכ אונ מיט א טוכענעמ קאַלפּעק אפנ קאָפּ, זיצט הײַנט, אינ לעבלעכנ זומער-רעסטאָראַנט, אפ דער פריזבע לעבנ די טרעפּלעכ פונעמ שענק-קעלער, שמועסט אמאָל עטלעכע ווערטער מיט דער שטאָטערנ פונ אנטקעגניבער, אונ גייט בלויז זעלטנ אמאָל אראָפּ אינעמ קימאַט פוסטנ שענקקעלער, צו דערלאנגענ די ווייניקע געסט א נײַעמ טאָפּ מעד.

אינ א טונקעלנ ווינקל זיצט איינער אנ אלטער אליינ, טרינקט אונ רעדט צו זיכ פונ מאָל צו מאָל עטלעכע ווערטער, דרייט מיטנ קאָפּ אונ בייזערט זיכ עפּעס. אינ אנדערנ ווינקל צאנקט דאָס איינ-ציקע ליכט אינ דער גאנצער גרויסער שענק. וואלענטי גולוויעצ זיצט אָנגעשפּארט מיטנ קאָפּ אפ דער האנט אונ דעמ עלנבויגנ אפ די קני, שווײַגט אינ אָנגעכמורעטער אונ ענטפערט נאָר זעלטנ מיט א קנאפּ וואָרט אפ יאנ טישאָוויעצקיס טײַנעס.

מיטאמאָל אָבער האָט ער אוועקגעשאַרט זײַנ קוואָרט מעד, זיכ נעענטער צוגערוקט צו זײַנ פרײַנט אונ אימ אײַנגערוימט אינ אויער.

— דער טײַוול איז אינ מיר אריינ, אט וואָס... — ער האָט גיכ א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ. טישאָוויעצקי האָט זיכ איבערגעשראָקנ פונ זײַנ געגליווערטנ קוק אונ זיכ אָפּגערוקט פונ אימ אינ א זײַט.

— מאטקא באָסקא!.. אפ ספּאָוויעדזש ביסטו געווענ?

גולוויעצ האָט בייז א מאכ געטאָנ מיט דער האנט.

— וואָס, אז סע דערגייט נישט ביז צו אימ.

— צו וועמענ דאָס?

— נו, — איז גולוויעצ אומגעדולדיק געוואָרנ, — צומ זשידעמ.

טישאָוויעצקי האָט זיכ געוווּנדערט.

— וויפל קריסטלעכע נעשאָמעס האָסטו נישט אויסגעבלאָזן, און בא דער פּערפּידיא יוחאשאָווסקא וועסטו זיך צעשפּילן?

— דאָס איז עס דאָך. א קריסטלעכע נעשאָמע... וואָלט מען א משא געקאָנט לאָזן לייענען. אפּ עמעסער כאראָטע, וואָלט זי פון הימל מויכל געווען. און דאָ... ווי זאָל מען עס צו אים צו?.. ער האָט זיך א פאַרלוירענער אומגעקוקט.

— איי, אשטייגער וואָלסט אין זײַן ייִדישער אומריינקייט געמוזט נאָכקריכן, קעדיי זיך פון אים אָפּצוטשעפּען...

גולוויעצ האָט אפּ אים א גיכן קוק געגעבן און מאָרעשכוירעדיק געשוויגן.

— קאָנען דאָך דאָ נאָר עקזאָרציזמעס פּויעלן, באשווערונגען פון א הייליקן מאַן...

— אויך דאָס געפּרוווט... האָט געשאָלטן דאָס צוטשעפּעניש מײַנם קאַנאָיקוס אָסאָוויעצ בא די הייליקע מאַגדאַלענקעס דאָ אין קראָקע. צום אָרפּוסט האָב איך געפּילגערט צו דער הייליקער בסולע פון יאַסנאַ גורא אין טשענסטאָכאָוו. פון שאַרקי אָן אינײנעם מיטן געמיינעם פאָלק, און פון מסטאָוו אָן באָרוועס. דער פאָטער שטשע־פּאַן, דער פּריאָר, האָט אַליין די עקזאָרציזמעס אפּ מיר אָפּגעריכט, מיט די מוירעדיקסטע ווערטער געשראָקן מײַן דיבוק. כ׳האָב זיך ערשט א ביסל לײַכטער געפּילט. און דערנאָך גאָרנישט, דאָס אייגע־נע ווי פריִער...

ער האָט צונויפגעצויגן די פּלייצעס, פּאַרזשמורעט כיטרע אייג־אויג און כיכקענדיק אָנגעשטעלט זײַן קוק אפּ טישאָוויעצקין.

— ווײַמפּערלעך מעג מען עסן אין פּיסגע טעג? ווי מיינסטו, יאָ?

טישאָוויעצקי האָט איבעראַשט פון דער פּראַגע אוועקגעבויגן דעם קאָפּ און באַטראַכט גולוויעצן מיט כשאַר.

— ווײַמפּערלעך יאָ? — האָט זיך גולוויעצ אַלץ מער צעלאַכט. טישאָוויעצקי אָבער איז געבליבן אָנגעכמורעט און האָט אים באַט־ראַכט, ווי ער וואָלט שוין דאָ איצט בלויז מיט זיך אַליין געשמועסט. גולוויעצ האָט גוט אופגעלייגט זיך צערעדט.

— ווען איך בין אָנגעקומען מיט די פּילגערס קיין טשענסטאָכאָוו, אן אויסגעמאַטערטער הונגעריק און דורשטיק, האָט אייגער א קלעריק מיך טייקעפ געפירט צום פּאָטער קזשישטאָפּ, א מאָנאַך, וואָס האָט זינט א צייט אָנגעהויבן שמועס מיט זיינע הייליקייט. ווי נאָר איך האָב אים געקושט די האַנט, האָב איך אים טייקעפּ דערקענט אַ

אלטנ סאָלדאט פונ מײַנע לאגערקנעכט, אנדרוש פיאָלונ, וואָס איז צוריק מיט עטלעכע יאָר פלוצלינג פונעם לאגער אוועקגעקומענ. ער האָט מיך איבערגעצײלעמט, מיר אָפגעווונקענ אינ א זײַט אונ מיר אײַנגערוימט, איך זאָל קומענ אינ זײַנ מאָנאכישער קאמער. איך ביז צו אימ ארײַנגעקומענ, האָט ער פארקײטלט די טיר, זיך אונ מיך איבערגעצײלעמט, אָפגעדעקט אפ א בענקל א פאָלעמיסעק מיט א געבראָטנ יונג כאזערל, אָפגעריסנ א פיסל אונ טײקעפ פארגראָבנ זײַנ פאָנעמ אינ דער פעטער פולקע. ער האָט מיר געווונקענ: נאט, יאסניע פאניע, עס... פונ אונטערנ בעט האָט ער, אפירגענומענ א קוישל ווײַמפערלעך, אָנגענומענ פונ זײ פולע הויפנס אונ זײ געשטופט אינ מויל ארײַנ נאָך יעדנ ביסנ כאזער. עס, יאשניע פאניע — האָט ער געזאָגט, זויער־זיסע ווײַמפערלעך, זײ קערנ זיך אָנ צומ פלײש. מיט ווײַמפערלעך איז דאָס פיסנע... פשיא־מאטש!... — האָט זיך גוליוויעצ בארעדעוודיק צעפלוידערט אונ זיך געפאטשט אינ די זײַטנ.— האָט ער זיך מיר דאָס אָנדערצײלט, דער אנדרוש. בא דער מארגנ־מעסע האָט ער מיר געווונקענ מיטנ צײלעמ אונ געוויזנ אפ די קניִענדיקע יונגע פויערטעס, מיט וועלכע ער שלאָפט זיך דורך...

טישאָוויעצקי האָט זיך געקאסט אונ ניט צופרידנ אוועקגעמאכט מיט דער האנט.

— וואָס?.. — גוליוויעצ איז אפ א רעגע געקומענ צו זיך. דער שמײכל איז אראָפ פונ זײַנ פאָנעמ. געשוואָלענע צאָרנ־אָדערנ האָבנ זיך אָנגעזאמלט אפ זײַנ שלײפ אונ שטערנ.

— די מאָנאכנ אינ די קלויסטערס דינענ בעסאָד צומ יידישנ טײַוול, דעמ אנטיכריסט. אָט וואָס...

— וואָס לעסטערסטו? — האָט אימ טשיאָוויעצקי איבערגעהאקט.

— יאָ, — גוליוויעצ האָט זיך בארויִקט אונ געמיטלעך צעשמײכלט ווי א דערוואקסענער, וואָס קלאָרט אויס אנ איניענ פאר א ניטווײַסנ־דיקנ קינד.—זײ מוזנ אימ דינענ בעסאָד, קײנער זאָל נישט וויסנ, אז דאָס איז צומ טײַוול. די יידנ האָבנ אזא געזעצ, אז יעדער מוז לײגנ געלט אפ א סאך וואָכער, ווער סע לײַט מער אונ אפ מער וואָ־כער, דער הייסט בא זײ פרומער אונ קומט בא זײ אינ זייער פארשיווע גאנײדנ, אונ האָט די זכיע צו קושנ דעמ טײַוולס באבע אינ... יאָ, יאָ... — האָט ער פרײַנטלעך איבערײַדנדיק געשאָקלט מיטנ קאָפ.

טישאָוויעצקי האָט זיך אָפּגערוקט ווי פונ א שיקער אוועק, וואָס קלײַבט זיך אויסברעכנ.

גולוויעצ האָט אויסגעדרייט דעמ קאָפּ אינ א זײַט, אומרויִק גע־קוקט איבער דער אייגענער פּלייצע, אריבערגעוואָרפנ די האַנט איבערנ קאַרק און אָפּ א מאָדנעמ אויפנ זיך דאָרט איבערגעציילעמט.

— זעסטו, — האָט גולוויעצ ווידער גענומענ אימ סוידעסדיק אײַנ־רוימענ, — ווי נאָר איך האָב אימ אינ א פאַרשאָלטענער שאָ אַרײַנגע־זשדאָכעט די שפּאַדקע, איז זײַנ טײַוולישע נעשאָמע פונ אימ אַרויס און מיר אָפּנ קאַרק אַרופגעשפּרונגענ. וויפל איך זאָל זיך נישט טרייס־לענ, — ער האָט ווילד געשאָקלט מיט די פּלייצעס און געריסנ דאָס העמד באַמ האַלדז — זי פאַלט נישט אַראָפּ. אינ קאַשטשיאָל אַפּי־לע לאָזט זי מיך נישט אָפּ. באַ דער ספּאָוויעדזש האָט זי מיר די האַנט געשטופּט: אָט כאַפּ אים, דעמ קשיאָנדז, באַמ קייקלדיקנ גאָרגל... זע איך א פרוי, אַלציינס, סענאַטאָריש בלוט אָדער כאַמסקע, צוימ איך זיך קוימ אײַנ נישט אַרײַנהאַקנ איר א האַנט צו די ברוסטנ...

— נו, גו... — האָט זיך טישאָוויעצקי צעלאַכט. — אויב נאָר נישט ערגער, איז דאָס שוינ אַזאַ טײַוואַלינקל, וואָס זיצט אינ הייליקס־טנ פאַרשוינ אפילע...

גולוויעצ האָט א קריצ געטאָנ מיט די ציינ און אינ דער אייגע־נער רגע האָט ער שוינ געהאַט צוגעלייגט דעמ שפּיצ פונ דער שפּאַ־דע צו טישאָוויעצקיס גאָרגל.

טישאָוויעצקי האָט זיך א כאַפּ געטאָנ, נאָר גולוויעצ האָט אָנגע־הויבנ מעשונעדיק צו וויענ.

— ריר זיך נישט!

טישאָוויעצקי האָט א געגליווערטער אָפּ אימ געשטאַרט, ער האָט געפילט, אַז דער מינדסטער ריר קאָנ אימ קאָסטנ דאָס לעבנ. דאָס פּאָנעמ אויסטערליש פאַרקרימט, האָט אימ אַזוי גולוויעצ עטלעכע רע־געס צוגעהאַלטנ די שאַרפּ צומ גאָרגל און באַלד דערנאָך, ווי טויט־מיד, אַראָפּגעלאָזט צוריק די האַנט.

ער האָט זיך א וויש געטאָנ איבערנ שטערנ, אַרומגעקוקט זיך און איז געקומענ צו זיך. טײקעפּ האָט ער זיך דערמאָנט און זיך רויִק צוריק אַוועקגעזעצט.

— פאַרשטייסטו איצט? — האָט ער ביטער א זאָג געטאָנ. טישאָ־וויעצקי האָט זיך שוינ געהאַט אָפּגעכאַפּט, אַוועקגערוקט זיך און אַרויסגעצויגנ זײַנ שווערד.

גולוויעצ איז רויק זיצנ געבליבנ אוג האָט פונ אונטנ ארופ טרוי-
עריק א מאכ געטאָג מיט דער האנט:

— ס'איז אריבער, דארפסט גישט מער מוירע האָבנ. זעסטו? אזוי-
אָ איז ער, דער פּאראָקסיזמ.

— מוז מענ דיכ דאָכ אינ קייטנ ליגנ, ווי א מעשוגענעמ הונט.

— אָט זאָגסטו עס... — גולוויעצ האָט א וואָרפ געגעבנ דעמ
קאָפּ אפנ טיש אונ אָנגעהויבנ ווילד צו וויינענ.

# פינפטער קאַפּיטל

און מיט וואַלענטי גולוויעץ איז דאָס געקומען אַזוי.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון אַ קליינער פּאַסירונג.

זי האָט זיך אַן איבערגעשראָקענע אַ קוק אַרום געטאָן, אַ ביסל אויפגעהויבן דאָס קליידל און גענומען גיכער לויפן.

— הײַ, דו האָרט!.. דאָ אַהער!.. געשוווינצלט טערקל־טײַבעלע איינס...

זי איז געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענע און אויסגעקוקט הילף פון אַלע זײַטן, אַ רעגע האָט זי זיך געאַמפּערט — נאָך גיכער אַנטלויפן, אָדער עפּשער וועט דאָס טאַקע בלויז נאָך פאַרגרעסערן די געפערלעכקייט, וואָס אויסט דערווײַל איז זי נאָך גאָט קיין גרויסע? זי האָט געמאַכט עטלעכע ניט־זיכערע טריט אויף צוריק, און דאָס פּאָנעם האָט זיך איר שוין פאַרצויגן מיט אַן אָנגעשטרענגט שמייכעלע.

— ניטע שעמ זיך, קאַרשנקערנדל, ניטע... שמיאַלע זײַן!..

זי האָט זיך פאַרנייגט און אַ בייג געטאָן אַ קני.

— ווי הייסט מען דיך דאָרט און וועמעס ביסטו?

— איך בין דאָבריש יוזעפעס, בראַמקאַ קלעזמערס ווײַב, ליכטיקער האַר... — און האָט זיך ווידער הויפיש אַ נייג געטאָן.

ער האָט זיך צעלאַכט. — פון אַבראַהאַמס זאָמען, טשאַרניושקאַ... אַט דיך נאָר אויף ברויט אַ שיט צו טאָן און אײַנצובאַקן, ס'דאַרף זיך ברופן גאַנץ געשמאַק.

נישט ווייסנדיק צי האַרפ זי נאָכ מוירע האָבנ אָדער צי מעג זי שוינ רויִק זייַנ, האָבנ אירע אויגנ אָפ יעדער באַוועגונג זייַנער פּאַכ־האָניש געלאָקערט.

— וואָס מאַכסטו דאָ אינ הויפ?

— האַפטעס, ליכטיקער האַר, האָב איכ געבראַכט פאַר אונדזער פאַניעניקע, ליכטיקער האַר...

— אַ ווייַבל, זאָגסטו, ביסטו? אַזאַ יונגיטשקע נאָכ. — ער האָט אַ שלינג געטאָנ און איינ אויג געזשמורעט. — דאָרט גיי, איכ וועל דיר נאָכ צום האַפטל געבנ.

זי האָט זיכ בליציגיכ אײַנגעבויגנ און זיכ מיט מײַזלשער פלינ־קײַט אַרײַנגעשפאַרט צווישנ די קוסטעס פונ גאָרטנ.

— אָה דו... אַלע טײַוואָלאָנימ!.. — ער האָט געפרווט נאָכלויפנ, און באַצײַטנס זיכ דערמאָנט, אַז דאָ פאַסט דאָס נישט. ער האָט זיכ בייז אַרומגעקוקט. פונ דער אַנדערער זײַט האָט אָבער זײַנ פאַכאָליעק שוינ לאַנג געטשאַטעוועט און נײַגעריק נאָכ זײַנ האַר נאָכגעשפּירט. איצט האָט ער בלויז געדאַרפט אויסשפרייטנ די הענט, אַז זי זאָל אַרײַנ־פאַלנ גלײַכ אינ זײַנע אָרעמס אַרײַנ.

— אָט איז זי, יאַשניע פאַניע.

וואַלענטי גאָלוויעצ האָט צונויפגעקלאַפט די קינבאַקנ, ווי אַ הונט, ווענ ער כאַפט מיטנ פיסק פליגנ. ס'האָבנ זיכ אויש אָפ זײַנ געשטופלט פּאָנעמ צעשפּילט קניפּלעכ מוסקלענ. ער האָט אָנגעוויזנ מיטנ קאָפּ אָפ אַ זײַט.

— גיב זי אַרײַנ... פלינק, מע זאָל נישט זענ.

און ביים דער הײַדוק האָט זי נאָכ זיכ נאָכגעשלעפט, איז גאָל־וויעצ מיט אַנ אַנדערער גאָרטנ־סטעזשקע געגאַנגענ צו זײַנע צימערנ.

א רײַסנדיקער קוויטש האָט זיכ געטראָגנ איבערנ גאַנצנ הויפ. יאַנ טישאָוויעצקי איז אַרײַנגעפאַלנ צו גאָלוויעצנ און געזענ, וואָס סע טוט זיכ, האָט ער זיכ אָנגעכאַפט באַמ קאָפּ.

— גאָטס וווּנדנ!.. דערבאַרעמ זיכ, מאָשטשי הראַביאַ! אונטער דײַנ קאַלעס דאַכ, אַ טאָג פאַר דער כופּע? וואָס טוט זיכ מיט דיר.

— גיי צום טײַוול! — האָט גאָלוויעצ געדעכעט, אָפּלאָזנדיק אָפ אַ מינוט די יונגיטשקע פרוי. — וואָס קריכסטו, ווו מע רופט דיכ נישט.

דאָס ווײַבל האָט זיכ דערווײַל געכאַפט צו דער טיר. נאָר איידער נאָכ זי איז דערגאַנגענ, האָט זי גאָלוויעצ דעריאָגט. טישאָוויעצקי איז אַרויסגעלאָפנ.

די קוילעס פונעם יונגיטשקנס ווייבל האבן אים אָבער נישט גע־לאָזט ווייט אוועקגיין, ער איז באלד ווידער אופגערעגט אריינגעפאלן צו גולוויעצן.

— האָב ראכמאָנעס אף זיך. דער גאנצער הויף איז פול מיט דיר. דרויסן שלייכן זיך הורמעס מעשאָרסים און צימערפריילינס פון די אָנגעפאָרענע געסט.

גולוויעץ האָט אים אומגעריכט א וועץ געטאָן אין א זייט, אז ער האָט זיך אזש פארקײַקלט. טישאָוויעצקי האָט זיך טייקעף געכאפט און ארויסגעצויגן זיין שפּאדקע. רויט אין פּאָנעם האָט ער ארויס־געקרעקט.

— ווען נישט די טײַוועס, וואָס ברענען איצט דײַן געביין, וואָל־סטו מיר דאָס טייקעף באצאָלט, הינטישער בענקאָרט דו. און איצט... לאָז זי אָפּ! דײַנע כארפּעס וויל איך נישט טראָגן.

גולוויעץ איז מיטאמאָל צו זיך געקומען. ער האָט א רײַב געטאָן דעם שטערן און זיך ווי א שיקערער פארקײַקלט. זײַן געשטופּלט פּאָ־נעם איז געוואָרן גרין און געל.

— וואַרט!.. — האָט טישאָוויעצקי צו איר געשריגן. — מאך א ביסל צורעכט דאָס אָנטאָן אף דיר און די האָר. ס'איז דאָך א שאנד צו קוקן.

— יאָ־אָ־אָ... טייקעף... יאשניע פּאַניע... — האָט זי געהעשעט פון געוויין ווי א געשלאָגן קינד. מיט פלינקע פינגער האָט זי אויסגעגלעט אף זיך דאָס קליידל און זיך אפּגיך פאריכט די האָר, ביים די טרערן זײַנען איר געראָנען אף די באקן.

---

ס'איז געווען אָנהייב נאכט, און די שליאכטע פון נאָענט און ווײַט צונויפגעפאָרן אפן קאָשיצער הויף האָט זיך ערשט וואָס נאָך די טאָסטן און גלעזלעך א ביסל פרייער צעשמועסט. נאָר דער כאָסן האָט שוין לאַנג געהאט א נעפּל פאר די אויגן און איז ארומגעגאנגען נישט פולנדיק די פיס.

ער איז דאָך היינט געווען דער ערשטער און דער וויכטיקסטער אין זאל. און פאָרט האָט זיך אים געדוכט, אז עפּעס האלט מען דאָ נישט פון אים, עפּעס האָט מען דאָ צו אים, דעם הראבינא וואלעצקי גולוויעץ. יעדער, ווען ער גיט א וואָרף די האנט אפן אקסל מיט שיקערער גוט־כאווערשאפט, יעדער, דוכט זיך אים, שאָקלט זיך פון

אימ אָפּ אונ דערשרעקט זיך ווי פאר א געפערלעכער נאָענטקײט. ער האָט זיך דאָ דערפילט דערנידעריקט, פאריינזאמט אונ באאוולט. ווער קאָנ זיך דאָ מיט אימ מעסטנ? מיט זײנ יחוסים? וואָס האָבנ זיי א סאך אינ גרויסנ צו זײנ? אחוץ יאנ מיראָסלאווסקי, וואָס האָט אינ זײנע אָדערנ קיניגלעכ בלוט... קיינער נישט דאָך... אפילע נישט זײנ שווער, פאנ קאָשיצקי.

אונ עפשער איז ער נישט קײנ מוטיקער ריצער? אונ ווער, אז נישט ער, האָט אנידערגעליגט די וואטאהעס אונטער טשערדא, האָלינקאָ אונ וויערטשוק? ווער, אויב נישט ער, האָט באזיגט אינ געפעכט דעמ בארימטנ אפ דער קאנצער זשעשטשאָפּאָספּאליטא סטאניסלאוו שעקערסקי, א גרויסנ קאוואליער אונ א פעכט־קינסטלער, ווי א צווייטנ געפינסטו נישט? אונ בא כאָטשימ... ווער האָט זיך דערשטער געוואָרפנ אפ די טערקנ אונ איז דערנאָך באלוינט געוואָרנ פונ קיניג אליינ?

האָט ער עפשער דאָ פאר עמעצנ מוירע? איז ער דאָ אינ עמעצנס אויגנ קלײנ? צי דערפאר, וואָס מאָנאכנ האָבנ אויסגענארט זײנ זיידנס גיטער, צי דערפאר, וואָס אליינ האָט ער צעטרענצלט גאנצע פארמעגנס? אנו, ווער דערוועגט זיך אנטקעגנשטעלנ?

ער האָט זיך אָנגעבלאָזנ אונ א שיקערע מאָרעשכוירע איז אפ אימ אָנגעפאלנ. קײנ שומ וואָרט אונ פרײנטלעכקײט איז צו אימ נישט דערגאנגענ. שווײגנדיק האָט ער אָנ א שיר אינ זיך ארײנגעגאָסנ.

— וואָס... — וועגנ דער יידישקע נעכטנ? אז דערוואָרגנ זאָל זי ווערנ! א נייטיקס געווענ.

ער האָט א קוק אפיר געטאָנ אינ דער זײט פונ זײנ קאלע, וואָס האָט נאָכ געהאט אפנ קאָפּ דעמ קראנצ מיט שלײערנ, אונ האָט זיך באגעגנט מיט איר פארומערטנ בליק. ביידע האָבנ געשוויגנ.

ער איז אופגעשפרונגענ, האָט עפעס געמורמלט אונ האָט זיך א פארלוירענער געמישט צווישנ די געסט, וואָס האָבנ זיך איצט פאמעלעכ אָנגעהויבנ ארומדרייענ אינ די זאלנ.

אומעטומ האָט מענ אימ פארבעטנ צומ טיש אפ א ביסל אינײנעמ צו פארווײלנ. ער האָט זיך צוגעשארט צו עפעס אונ אלטנ אָרימענ האָרפישנ שליאכטשיצ, אונ גענומענ מיט אימ טײנענ. דער אלטער האָט זיך פונ זײנ שרײענ דערשראָקנ אונ אפ אימ פארווונדערט געגלאָצט.

גולוויעצ איז פונ אימ אוועק אונ זיך ווײטער גענומענ ארומדרייענ.

נאָר צו וועלכנ טיש ער איז צוגעקומענ, איז מענ פונ דערעבערעצ א ביסל אנשוויגנ געוואָרנ און מע האָט אימ פארבעטנ זיכ צו זעצנ. זייער פארלוירנ האָט ער אלעמענ ארומגענומענ בא די פלייצעס, גוטע ווערטער געזאָגט, נאָר קיינעמ נישט געקאָנט פארטרויענ.

צומ סאָפ האָט מענ אָנגעהויבנ אפ אימ קרומ קוקנ, וואָס ער פארשטערט די מאָלצייט מיט זיינ ווילדנ ארומלויפנ.

און כאָטש דער זשומ איז נאָכ אלצ געווענ א ברייטער און געמיטלעכער, האָט מענ פאָרט שוינ זיינ מאָדנע ארומדרייעניש באמערקט, און פונ אונטער די אויגנ אפיר האָבנ שוינ צענדליקער געסט באהאלטענערהייט יעדנ טריט אימ נאָכגעקוקט.

ווי א פרעמדער און נישט פארבעטענער האָט ער זיכ קיינ אָרט נישט געפונענ. אשטייגער ס'וואָלט עפעס פארהוילנס פארמאכט פאר אימ דעמ וועג צו זיינ קאָווער־אָרט אינ דער מיט לאנגנ טיש, האָט ער זיכ אומעטומ ארומגעטריבנ, נאָר צומ מיט טיש, וווּ זיינ קאלע, פאננא אגניעשקא, איז געזעסנ, אפילע נישט אהינגעקוקט.

קלאָמערשט האָט ער שמעצנ געזוכט צווישנ די געסט, באגריסט איטלעכנ ווי א באלעבאָס און ווי אכטונג געגעבנ, צי אלצדינג גייט ווי ס'קער צו זיינ. אינ קאָפ האָט אימ געטומלט א רייסיקע קוויטשיקע פידל־מוזיק, און געטראָגנ האָט אימ שוינ טיפע שיקרעס, לייכט ווי שוועבנדיק איבער דער ערד.

ער איז פלוצלינג געשטאנענ פאר דער קלעזמער־קאפעליע. אימ האָט זיכ געדוכט, אז די טענער פונ זייערע פידלענ און וויאָלאָנטשעלנ האָבנ זיכ אָפגעריסנ פונ זייערע אינסטרומענטנ און זיינענ אפנ אָרט פארשטומט געוואָרנ; ערשט אפ דער אנדערער זייט זאל האָבנ זיי זיכ ווי א ווידערקאָל אָפגערופנ און צעשפילט.

וואָס שייגנ אזוי די מאָרדעס פונ די ייִדקעס? וואָס קאָרטשענ זיי זיכ צו מיטנ אויער צומ פידל און מאכנ אזוי מאָדנע מיט די הענט? פארוואָס שווייגנ די הארפעס, קלארנעטנ און צימבלענ?

ער הערט גאָרנישט. נאָר פונ דער אנדערער זייט צעגיסנ זיכ צוריק אריבער כוואליעס צערייצנדיקע פידל־קוויטשערייִ. פונדאנענ דאָ דארפנ זיי דאָס ארויסקומענ. אז מע וואָלט אזוי די קוויטשקוואל פארשטאָפט?

דער אויבערפידלער, דער מייסטער זייערער, שטייט מיטנ רוקנ צו אימ. הייבט איטלעכס מאָל די רעכטע האנט מיטנ סמיטשעק, פירט מיט אימ אינ דער לופט און טרייבט אָנ זיינ קאפעליע. אפ א רעגעלע בייגט ער אויכ אָנ דעמ קאָפ צו זיינ פידל און גיט א שמיר מיטנ

סמיטשעק איבער די סטרונעס. און שוין ווידער הייבט ער דעם סמי־טשעק מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס און רייבט מיט אים די לופט.

אזא הונטס־בלוט! וואָס שטייט ער צו אים מיטנ הינטנ?

א הויכער איז ער, א שלאנקער, העכער א סאכ פונ אים. דאָס פיקסענע היטל מיט אנ איינגעשטעקטער ווייסער פעדער אראָפגעלאָזט אפנ קארק. אזא האָזע: וואָס איז ער אזוי פאריאכמערט, וואָס שפרייט ער אזוי אויס ביידע הענט און גייט זיכ נישט קיינ ריר, כאָטש איכ שטיי הינטער אים?

די יִדקעס אויכ, זיי שפאָטנ דאָכ שוינ אויכ פונ אים אָפ. זיי שמייכלענ, זיי ווינקענ אים דאָכ, פינטלענ מיט די אויגנ צו אים מיט גוטמוטיקנ ראכמאָנעס.

דעם אויבערקלעזמערס פאָנעם האָט זיכ אפ א רעגע א בייג געטאָנ אינ א זייט.

פארשוויצט איז זיינ יִנגיטשקע גלאטיק פאָנעם, וואָס בלויז לעבנ די אויערנ האָבנ זיכ קוים באוויזנ עטלעכע דינינקע הערעלעכ באָרד.

בראמעק קלעזמער! — האָט אינ גולוויעצנס שיקערנ מויעכ א יאָג געטאָנ א ברעקל זיקאָרנ.

וואָס הייבט ער זיכ אזוי איבער מיר מיט אויסגעשפרייטע אָרעמס... און איכ שטיי דאָכ הינטנ?

— מאכ אָרט! — האָט ער געברילט. — יִדקע פארכאצ, קייקל זיכ...

און דעמלט איז דאָס געשענ. איידער וואָס האָט ער אים שוינ זיינ צירונג־שפאדקע ביז צום הענטל ארייַנגעשטאָכנ אינ פלייצע ארייַנ.

בראמקעס הענט זיינענ אזוי מאָדנע אָרופגעשפרונגענ, און ער האָט זיכ א וואלגער געטאָנ אינ א זייט. דאָס שפילנ האָט זיכ אָפגע־שניטנ, ווי מיט א מעסער, און מענטשנ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ ראָיענ.

גולוויעצ האָט פלוצעמ דערזענ זיינ פאָנעם אינ א שפיגל אפ דער וואנט, ס'האָט אים עפעס א בליצ געטאָנ אינ מויעכ. ער האָט זיכ פארוואונדערט, אָנגעהויבנ צו זיכ צו קומענ און עטלעכע טריט זיכ גע־שארט אינ א זייט. ניט ווייסנדיק, וואָס ער טוט, האָט ער מיט צוויי פינגער אראָפגעווישט דאָס בלוט פונ זיינ שפאדקע און זי ארייַנגע־שטעקט אינ זילבערנעמ שיידל.

עפעס איז שטיל געוואָרנ ארומ. און אלע שושקענ זיכ אזוי ביי־סיק.

— שלעכטס עפעס איז געשענ, דער טייוול זאָל מיכ פרעגלענ.

די ייִדקעס אויקען אַזוי, מאַכן אַ לאַמענט.. הורהו...

אָט איז דער שווער, פּאַן מאַרשאַלעק קאָשיצקי, און נאָך אים לויפֿט נאָך מיט אָנגעצונדענע באַקן אַזעלכע אַגניעשקאַ און הייבט די לאַנגע שלייף פֿון קאַלע־קלייד. דוכט זיך, ס'איז דאָך זײַן ווײַב, נאָר וואָס הײַנט דאָך מיט איר כאַסענע געהאַט פֿאַר גאָט און פֿאַר לײַט.

ער כאַפּט זי אָן בא דער האַנט, און זי שרעקט זיך אויף, שרײַט מוירעדיק:

— קוקט, וואַטשפּאַן, אויף אײַערע פֿאַרבלוטיקטע הענט און קליידער...

— אַז איך ווייס דאָ'רט וואָס, טײַערסטע פֿרוי מײַנע, — האָט ער צעטומלט געמורמלט — עפּעס אַ זשידאָווינע...

מיט אויסטערלישער אייִמע האָט זי געקוקט אויף זײַן פֿאַרגליווערט געשטופּלט פּנים און זיך געכאַפּט.

— פֿאָטער מײַנער... קוק אויף אים... ער וועט מיך הארגענען, ראַטעווע...

דער מאַרשאַלעק האָט אַרופֿגעלייגט די הענט אויף אירע פּלייצעס און זי אַרויסגעפֿירט פֿון זאַל.

נאָך אים האָבן זיך שוין אַלע געסט אַרויסגערוקט און איטלעכער איז פֿאַרבײַגעגאַנגען נײַגעריק קוקן אויף דערהאַרגעטן קלעזמער. שפּעטער איז אַרײַן דער מעדיק מיט עטלעכע משאָרסים און קווהעמקאָל געהייסן אַרויסוואַרפֿן די שרײַענדיקע און וויינענדיקע קלעזמערים. דעם דערהאַרגעטן האָט מען אַרויסגעטראָגן אין אַן אַנדערן צימער.

אַזוי איז דאָס פֿאָרגעקומען מיט וואַלענטי גולוויטש. און גאָכדעם איז שוין אַלצדינג געגאַנגען אַ מאָדנעם גאַנג.

# זעקסטער קאפיטל

בענדיט סירקים האט זיכ א גאנצע וואכ נישט גע־קאנט דערשלאגנ צו א נײעמ שמועס אויג אפ אויג מיט קאלעוו אש־קענאזי.

איג אײנעמ א פרימארגנ איז צו בענדיט סירקיסנ ארײנגעלאפנ װײַבל באס אונ אימ געבעטנ טייקעפ קומענ. בענדיט סירקים האט זיכ דערפרייט.

סירקים האט געטראפנ דעמ זאקנ אנגעטאנ אינעמ סויבלענעמ היטל אונ אינ דער שווערער זשופיצע, ווי ער שטייט בא דער טיר פונ זײַנ פאקוי, די הענט פארלייגט אינ די ארבל, אונ באגריסט געסט. ווארעמ נישט בלויז בענדיט איז אנגעקומענ. ס׳זײַנענ אינ דער זעלבער צײַט ארײַנ אלע ראטמענער, ראשעקאהאל, הויפטלײַט, מעמונים, דא־יאנימ — די גאנצע קעהילע.

בענדיט האט זיכ אומגעקוקט מיט פארוווּנדערטנ פארדראס.

קאלעוו אשקענאזי האט אויסגעשפרייט די הענט צו דער ערד צו, אפ הויפישער פרענקישער מאניר.

— איכ האב אײַכ געוואלט דעמ קאוועד אנטאנ אונ צו אײַכ קו־מענ, בינ איכ אבער אלט אונ קראנק.

בענדיט סירקים האט העפלעכ אפגעווענדט מיט די הענט. קאלעוו אשקענאזי האט װײַטער געזאגט.

— א ווייכטיקע נײַס... האב איכ געבעטנ רופנ די פירערס. ס׳איז ענג אינ צײַט...

בענדיט סירקיס האָט ווידער באַרויִקנדיק אָפּגעווענדט מיט די הענט. ער איז אַרײַנגעגאַנגען אין פּאָקוי און האָט זיך דערנענטערט צו טאַדראַס סענגאַל מײַזלס. מײַזלס האָט אָבער אויסגעמיטן זײַן קוק און מיט גיכע טריטן פֿון הענט און פּאַנעם געווײַזט, אַז ער ווייסט נישט גאָרנישט.

די מענטשן, העכער צוויי צענדליק, זײַנען קימאַט אַלע געווען אַלציינס אָנגעטאָן אין לאַנגע שוואַרצע טוכענע בעקעשעס, פֿונעם האַלדז ביז צו דער ערד אָפּ איבערווייניק צוגעהעקלט, מיט אַרבל, וואָס האָבן זיך ענג אַרומגעשלאָסן אַרום דער האַנט, און מיט געבלימלטע שאַלעכלעך פּרײַ אַרומגעבונדן אַרום דעם האַלדז.

זיי זײַנען אַרומגעשטאַנען אינעם זאַל און אין די זײַטיקע פּאָקויעס און האָבן זיך צווישן זיך שטיל געשעפּטשעט. די פֿענצטער זײַנען געווען פֿאַרמאַכט, מע זאָל דרויסן גאָרנישט נישט הערן, האָבן די גרינלעכע בעמישע שײַבלעך פֿאַרטונקלט די פֿאַרמיטאָגדיקע שײַן. בלויז עטלעכע געלע שײַבלעך בײַ די ראַנדן האָבן דורכגעלאָזן אָפּגעטעמפּטע זוניקע שטראַלן.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זיך אָן שום צוגרייטונגען שטיל מיט אַ געווינלעכער שטים געווענדט צו עטלעכע מענטשן, וואָס זײַנען צופעליק לעבן אים געשטאַנען.

— ...ס'איז געקומען צו אונדזערע אויערן, אַז איינער, לייב מיראַוויץ פֿון פּראָג, האָט אָפּגעקויפֿט באַם קיניגלעכן שאַפֿער אַרענדע און פּלעניפּאָטענץ פֿאַר זיך און באַפֿולמאַכטיקטע אין זאַלץ פֿון די וויעליטשקער און באָכניער זשופּעס...

די געסט, צעשפּרייט איבער די פּאָקויעס, האָבן דערזען, אַז קאָלעוו אַשקענאַזי האָט פֿאַרלייגט די הענט אין די אַרבל און רעדט עפּעס מיט אַ שטיל קול, האָבן זיי אים טייקעף אַרומגערינגלט. בענדיט סירקיס, וואָס איז געזעסן אויף אַ שטול אָפּגעזונדערט אַליין קימאַט אינמיטן זאַל און האָט געסאָפּעט פֿון זײַן אייגענער שווערקייט, פֿון פֿאַרדראָס און פֿון זומערדיקער היץ, האָט זיך צו שפּעט געכאַפּט און איז געבליבן אין אַ זײַט.

עטלעכע האָבן זיך געוווּנדערט.

— פֿון פּראָג?

קאָלעוו אַשקענאַזיס אויגן זײַנען געווען געווענדט אויף איינעם אין עלנבויגן.

— אַן אָרעמער מעשולעך, וואָס שלעפּט זיך איבערן לאַנד.

— אַנ אונטערגעשטעלטער?

בענדיט סירקיס האָט זיכ אויסגעדרייט אַפ זײַנ שטול אונ זיכ אומגעקוקט צו די שטייענדיקע אַרומ קאָלעוו אַשקענאַזי, צו זעג, ווער דאָס האָט אַזוינס געפרעגט. ס'איז געווענ טאָדראָס סעגאַל מײַזעלס.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט ווײַטער דערציילט מיט אַ וואַכעדיקער אײַנגעהאַלטענער שטימ.

— ...דער זעלבער מיראָוויצ פונ פראָג האַלט בײַ פאַרקויפנ די אַנדערע...

— דעמ, וואָס האָט אימ אונטערגעשטעלט... — האָט עמעצ אונטערגעזאָגט.

— ווער איז ער עס? — האָבנ עטלעכע אופגעבראַכט געפרעגט.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט ניט אַראָפגענומענ זײַנ אויג פונעמ פרעמדנ עלנבויגנ, אַפ וועלכנ ער האָט זיכ פאַרקוקט. ער האָט אַ צי געטאָנ זײַנע אויסגעדאַרטע זקיינישע פּלייצעס.

— ווו ס'איז ניט פעסט אונ זיכער קאָנ גרינג אַרויסקומענ אַנ אומזיסטער בילבל...

— אַפ ועמענ זאָגט מענ עס? — האָבנ אופגערעגטע שטימענ פונ אַלע זײַטנ געמאָנט.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט איצט צומ ערשטנ מאָל אופגעהויבנ זײַנע קליינע מוטנע אויגנ אַפ די פרעגערס, געקוקט אַפ זיי שטרענג, פאַרכידעשט, מיט טאַרומעס אונ ווידער אַפגעקערט די אויגנ אינ אַ זײַט. ער האָט אַרויסגעלאָזט די הענט פונ די אַרבל אונ געגעבנ דערמיט צו פאַרשטיינ, אַז ער האָט שוינ מער גאָרנישט וואָס צו זאָגנ.

דאָס ראָד אַרומ אימ האָט זיכ צעלאָזנ אונ די מענטשנ זײַנענ זיכ צעגאַנגענ איבער די זאַלנ, האָבנ זיכ געשעפּטשעט, געמאַכט מיט די הענט אונ געצויגנ די פּלייצעס.

בענדיט סירקיס האָט אָפּגעאָטעמט.

ער שאַנעוועט אימ.

ס'איז אַרײַנגעקומענ דער שטאָט-שרײַבער מאַטעס דעלאַקרוט מיט אַ גראָבנ פינקעס אונטערנ אָרעמ.

ווי קאָלעוו אַשקענאַזי איז נאָר אַוועק אינ אַ זײַטיקנ צימער, האָבנ זיכ אַלע אָנגעהויבנ אופגערעגט צו שפּאַרנ.

טאָדראָס סעגאַל מײַזעלס האָט אײנעמ אינ אַ סאַמעטענעמ אויבערכאַלאַט מיט אַ גאָלדענער קייט אַרומ האַלדז אײַנגערוימט אינ אויער.

— דער לייב מיראָוויצ האָט דערפאַר צוגעזאָגט דעמ קיניג צוועלפ טויזנט טאָלער צו אכט פונ הונדערט.

דער פאַרשוינ אינעמ אויבערכאַלאַט האָט אופגעבראַכט אויסגעבויגנ די געעפנטע האַנט־הויפנס.

— פאַר ווייניקער ווי צוועלפ איז דאָכ ביירעמ...

טאָדראָס האָט אומעטיק אראָפגעלאָזט די אויגנ אונ געזיפצט. דערנאָכ איז ער טיקעפ אוועק אינ א זײַט.

איינער האָט ארויסגעזאָגט א מיינ.

— עמעצ פונ אונדזערע היגע אשירים.

— ווער? — האָבנ עטלעכע געפרעגט.

בענדיט סירקיס האָט זיכ אופגעהויבנ אונ מיט שווערע טריט זיכ צוגערוקט.

— ווער קאָנ דאָס זײַנ?

אימ האָט זיכ געדוכט, אז מע קוקט אופ אימ פרעמדלעכ. עמעצ האָט זיכ שוינ געכידעשט, וואָס נישט סירקיס, דער פאַרנעס, האָט הײַנט צונויפגערופנ. איינער האָט דערציילט.

— אז קאַהאַל וועט נישט מאָסקימ זײַנ, וויל ער זיכ אָפזונדערנ מיט זײַנע שטײַערנ.

בענדיט סירקיס האָט זיכ ווידער ארײַנגעמישט.

— ווער קאָנ דאָס זײַנ?

— מוישע קאצנעלנבויגנ פונ פוזנ...

— מעינדל פאָפערס...

מע האָט זיכ אָנגעהויבנ היציק צו שפאַרנ.

בענדיט סירקיס איז א ביסל בארויִקט אָפגעגאנגענ אונ געווישט מיט א פאַטשיילע זײַנ פּאָנעמ.

---

דער שטאָט־שרײַבער האָט עטלעכע מאָל געקלאַפט מיט דער האַנט אינ טיש.

קאָלעוו אשקענאזי איז צוריק ארײַנגעקומענ מיט א זייער הייכנ אלטנ מאַנ, וואָס איז אינגאַנצנ געווענ אָנגעטאָנ אינ שוואַרצער זײַד אונ האָט געטראָגנ אופנ קאָפ א סויבלענ היטל. דאָס ברייטביינקע פאָנעמ פונ דעמ מענטשנ איז געווענ זייער בלייכ, צעפאַלנ אונ געלבלעכ געפלעקט. אויכ זײַנע גרויסע אויגנוויִעסלענ זײַנענ געווענ געל. ער האָט געשלעפט זײַנ קראַנקנ ריזיקנ קערפער מיט גרויס מי, אָנגעשפאַרט אופ א שטעקנ אונ אָנגעלענט אופ טאָדראָס סעגאַל מײַזלס.

די מענטשנ האָבנ זיכ געכידעשט. — טאָדראָס סעגאַל מײַזלס?

דער זאַקנ האָט טעמפּ געקוקט אַפ די פּאַרזאַמלטע אונ געקרעכצט ביימ ער האָט זיכ ארײַנגעזעצט אינ שטול, וואָס מע האָט אימ אונטערגערוקט. עמעצ האָט אימ צוגעדעקט מיט א דעק, האָט ער ארונטערגעשפּאַרט אונטער דער דעק אויכ די פיבערדיקע הענט. דער מענטש איז, אַפּאָנעמ, געווענ זייער קראַנק. מע האָט אימ געבראַכט א שיסעלע מילכ, האָט ער מיט ציטערנדיקע הענט אונטערגעשפּאַרט דאָס שיסעלע, וואָס ווײַבל באַס האָט אימ צוגעטראָגנ צומ מויל. פונעמ שיסעלע האָבנ געראָנענ שנירעלעכ מילכ אַפ זײַנ זײַדענעמ קלייד. ווײַבל באַס האָט אימ אויסגעווישט די לאַנגע וואָנצעס, וואָס האָבנ זיכ אײַנגעווייקט אינ דער מילכ. דער קראַנקער זאַקנ האָט זיכ אָנגעהויבנ צו שאָקלענ, אינ זיכ ארײַנצומורמלענ, אונ האָט טעמפּ געקוקט אַפ די פּאַרזאַמלטע מיט גלײַזע פּאַרנעפּלטע אויגנ. דאָס איז געווענ דער ראָוו אונ קיניגלעכער ייִדנ-פּרעפּעקט מעשולעמ הירצ באַנפּיי, ווײַט באַוווסט מיט זײַנ געלערנטקייט.

דער שטאָט-שרײַבער האָט ווידער עטלעכע מאָל געקלאַפּט מיט דער אָפּענער האַנט איבערנ טיש. די געסט זײַנענ שטיל געוואָרנ. טאָדראָס סעגאַל מײַזלס האָט עפּעס אײַנגערוימט דעמ אַלטנ מאַנ. דער אָבער האָט גאָרנישט געענטפערט, ווײַטער טעמפּ געקוקט אַפ די מענטשנ, זיכ פּאַמעלעכ געוויגט אינ די זײַטנ אונ געמורמלט.

די פּאַרזאַמלטע האָבנ זיכ ווידער געכידעשט. — טאָדראָס סעגאַל מײַזלס?

דער שטאָט-שרײַבער האָט אָנגעהויבנ לייענענ.

— ... צו וויסנ פונ אַלע מענטשנ אינ דער וועלט, די הייליקע לײַט, די זינ פונעמ בונד, דאָס די הארנ פונ די ייִדנ, די פירערס פונ די פירלענדער, האָבנ באַראָטנ אונ באַשלאָסנ, וואָרעמ זיי האָבנ געזענ דעמ שטאַנד פונ די לענדער אינ הײַנטיקנ טאָג, דאָס מענ דאַרפ פעסטיקנ, אינ זונדערס די מענטשנ, וואָס זײַנענ גירויק גאָר נוצ אונ געלט זייער רײַכ צו ווערנ פונ גוואַלטיקע ארענדעס, ברענגענ קינע אונ סינע פונ די שטאָטערס קלאָגנ אַפ באַדריקונג, דאָס די ארענדעס טוענ זיי באַדריקנ. דעריבער האָבנ די פירערס באַשלאָסנ ווי איינ מענטש, דאָס יעדער, וואָס ווערט אָנגערופנ ייִד, זאָל נישט האָבנ קיינ שײַכעס צומ דינגענ טשאָפּאָווע, דעמ בראַנדווײַנ-אַפּצאָל, אינ גרויספּוילנ, קליינפּוילנ, מאַזאָוויע, נישט פונ קיניגנ אַליינ, נישט פונ זײַנע שאַפערס אונ נישט מיט קיינ פּאָרטל אינ דער וועלט נישט. אויכ נישט צו דינגענ קיינ שומ

מינוצ, דאָס איז אפ אויסצוקלאפנ געלט פונ זילבער אונ גאָלד, קיינ שום ושופעס, דאָס זײַנענ זאלצ־בארגווארג...

— צווישנ די פארזאמלטע איז דורכ א געמורמל.

— ...אונ קיינ שום גרענעצ־אָפצאָל, דאָס אלצ זאָל קיינ שום ייִד נישט דינגענ אונ זיכ דערמיט נישט אָפגעבנ אפ קיינ שום אייפנ אינ דער וועלט נישט...

— אפ קיינ שום אויפנ אינ דער וועלט נישט?.. — האָט עמעצ איבערגעפרעגט קוילערנדיק הארט די טראפנ, ווי אז מע רעדט מיט א פול אָנגעשטאָפט מויל אונ מע באמיט זיכ פאָרט צו ריידנ דײַטלעכ.

די ארומשטייענדיקע האָבנ פארגלושעט דעמ ניט־געהעריקנ אויסרופ מיט „שטיל" אונ „שא".

— ..אונ ווער עס וועט זיכ דערוועגנ זיכ אָפצוגעבנ מיט זעלבע געשעפטנ איז פאר אימ לאייג געזעצ, — צו זײַנ אינ כיירעמ. קיינער טאָר זיכ מיט אימ נישט אָנגעהערנ, נישט מיט זײַנע זינ, נישט מיט זײַנע טעכטער כאסענע צו האָבנ. אונ ער זאָל זײַנ פארפלוכט אונ פארשאָלטנ מיט אלע קלאָלעס פונ דער שריפט, אונ די קלאָלעס, וואָס עלישע האָט געשאָלטנ זײַנ קנעכט גאכזי זאָלנ הויערנ אפ זײַנ קאָפ, ביז ער וועט נישט אָפקערנ פונ זײַנ שלעכטנ וועג אונ וועט הערנ אונ פאָלגנ די ווערטער פונ די לערערס...

---

ווי נאָר דרעלאקרוט האָט אָנגעהויבנ לייענענ פונעמ פינקעס די דאָזיקע אלטע באשלוסנ, האָט זיכ בענדיט סירקים אומגעקוקט צווישנ די מענטשנ אונ איז צוגעגאנגענ צו איינעמ א יונגנמאנ, וואָס איז געווענ ווילעריש אויסגעפוצט לויטנ שטייגער פונ די יונגע שטאָטערס. סירקים האָט אימ עפעס גיכ אײַנגערוימט אונ נישט געווארט אפ קײַנ ענטפער, איז ער טייקעפ ווידער פונ אימ אָפגעטראָטנ.

אונ אז דרעלאקרוט האָט געענדיקט לייענענ, האָט זיכ דער יונגער מענטש דורכגעשטופט צומ אָרט, וווּ דער קראנקער זאָקנ איז געזעסנ, האָט זיכ צו אימ אראָפגעבויגנ, אונ הויכ, ווי צו א טויבנ געשריגנ מיט דײַטלעכ אונ פאמעלעכ ארויסגעקוילערטע טראפנ, גלײַכ ער וואָלט, ווי א שטאמלער, וואָס לערנט זיכ ריידנ, איטלעכס וואָרט פריִער א ווײַלע געקײַקלט איבעמ מויל.

— איך בעט זיך לער־ר־נען. אַף קיין שום אויפן אין דער וועלט־ט נישט־ט? איז דאָס געמאַ־אַלט־ט?

צווישן די פּאַרזאַמלטע האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל.

דער יונגער מענטש האָט זיך נישט איבערגעשראָקן און האָט זיך ווידער געווענדט צום זאָקן. דער זאָקן אָבער האָט אים גאָרנישט געענטפערט, האָט זיך ווײַטער געוויגט, געמורמלט און גאָרנישט געזען און נישט געהערט.

— אַף קיין שום אויפן אין דער וועלט נישט?.. איז דאָך מיט זאַלץ נישט ה א נ ד ל ע ן אַפילו, נישט מיט בראָנפן, קיין געלט נישט לײַען ק יי נ ע מ ע ן, ווײַל ווער קאָן פריִער וויסן, צי וועט דאָס נישט גיין אַף אַרענדע פון בראָנפן, פון זאַלץ, פון מינץ?

דער טומל האָט זיך פאַרשטאַרקט.

— ווער איז ער אַזוינס, דער באַטריבער... אויסרײַסן אים!..

איינער האָט אײַנגעהאַלטן אַ וואָרף געטאָן אַ סאַפּעק. — ...איז דאָך אָבער טאַקע קיינער נישט באַוואָרנט אַרײַנצופאַלן אין ביירעם.

אויפגעבראַכטע שטימען האָבן געטײַנעט.

וויפיל געווען פון די אַרענדעס קינע־סינע, פלאָגן און גזיירעס?

— דער וואַד האָט געוווסט, וואָס ער טוט.

יוזל בראַנדייס האָט זיך פאַרשטעלט מיט אַן עלנבויגן, ווי מע וואָלט זיך געקליבן אים שלאָגן: — אין קרול יאַגילעס* צײַטן, יאָ, פאַר זעקס און צוואַנציק יאָר... — און האָט זיך גיך אָפּגערוקט אין אַ זײַט.

— ...דער באַשלוס איז נישט באָטל, ווער סע ווידערשפּעניקט, פאַלט אַרײַן אין ביירעם...

— אין ביירעם יוזלען!..

— טאָר מען דאָך קיין שניפּ זאַלץ, קיין שלינג בראָנפן נישט קויפן און פאַרקויפן?..

די פאַרזאַמלטע האָבן זיך געשפּאַרט און ווילד געמאַכט מיט די הענט. דער יונגער מענטש איז געשטאַנען אין אַ זײַט, האָט אַזעלדיק געקוקט מיט אַרויסגעלופּעטע אויגן, אָבער זײַנע גראָבע ליפּן האָבן געציטערט און אַף זײַן פּנים איז געגליווערט געוואָרן אַ שמייכל.

און דאָ האָט זיך באַוויזן פון אַ זײַטיקן צימער קאַלעוו אַשקענאַזי. מיט דריבנע טריט איז ער צוגעגאַנגען צום יונגנמאַן און אַ פרעג געטאָן די מענטשן נעבן אים.

---

* קרול יאַגיעלאָ, קיניג יאַגיעלאָ. געמיינט איז דערמיט: אין אוראַלטע צײַטן.

— ווער איז ער?

— יויזל בראַנדייס, יויעל ראַקאָווערס אַלמאָנעס נײַער איידעם פֿון פּויזן.

— א פֿילגעלערנטער...

— מיט לייצים שלעפּט ער זיך טעג גאַנצע.

— א מעיובעס...

— א קאָרטנשפּילער און מיט ווײַבער פֿאַרשײַט.

— ווער? — האָט זיך קאַלעוו אשקענאַזי האַרב צו אים געווענדט. באַם געפּרעגטן האָבן געציטערט די לעפּלעך פֿון זײַן נאָז. ער האָט אָבער מיט אַן אַרויסגערוקטן קין און אַרויסגעבויגענע גראָבע ליפּן קלאָפּערנדיק די ווערטער דײַטלעך און פֿעסט געענטפֿערט.

— א מעמוזער... באַגלײַך מיט גאַנץ קאַהאַל אויסגעקליבן, און זינט דעמלט דער אינסטיגאַטאָר.

— וואָס טוסטו?

— איך גיב אַכטונג.

— אַף וואָס?

— אַף וואָג און מאָס, עכטקײַט פֿון סכוירעס, אַף אָרדענונג אין טפֿיכע.

— א-א?...—דער יונגער מענטש האָט זיך ניט געלאָזט צעטומלען.

— ... אַפֿן קעסטל פֿון טשאָפּאָווי, אַף געלט פֿון יעסוימים, אַף לײַ-טישער פֿירונג...

— א-א... — קאַלעוו אשקענאַזי האָט אים באַטראַכט.

— ...מענטשן זאָלן נישט שפּילן אַף לאָטעריי, זאָלן נישט גיסן קײַן פּאָמישאָפּן פֿון פֿענצטער...

— יאָ. — קאַלעוו אשקענאַזי האָט אים איבערגעריסן און א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. א שמייכל האָט זיך באַוויזן אַף זײַן זקייניש פֿאַרגלייווערט פּאָנעם.

— וועמעס ביסטו?

— יויכעם בראַנדייס זון פֿון פּויזן.

— וועראיז ער, דײַן פֿאָטער?—יויזל בראַנדייס איז רויט געוואָרן.

— ווערט דער עמעס געוויינן לויטן יִכעס?

קאַלעוו אשקענאַזי האָט גיך געשאָקלט מיטן קאָפּ. — און א פֿרײַער ווײַל זאָלסטו קומען צו מיר. אין מײַן יוגנט האָב איך ליב געהאַט שפּילן אין קאָרטן.

גוט אויפֿגעלייגט האָט ער זיך געווענדט צו בענדיט סירקים.

— א־א?... בענדיט סירקים האָט עפּעס געמורמלט.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זיך נישט צוגעהערט און אַ מאָל געטאָן מיט דער האַנט.

— ...,,אין קיין שום אויפן אין דער וועלט גישט" איז בעדויריינו* טאַקע נישט קלאָר און פאַרפירט צו פאַרשוועכונג...

אַ ווײַלע איז געווען שטיל. אָבער טייקעף האָבן זיך אָפּגערופן פאַרשיידענע שטימען.

— נעמט פאַר ליב.

— ס'איז רעכט צו פאַריכטן...

אויפן וואַנק פון קאָלעוו אַשקענאַזי האָט דעלאַקרוט עפּעס געשריבן אויף אַ בלאַט און טייקעף אָנגעהויבן לייענען.

— ...ביז האַנען די אַלטע טאַקאַנע פון וואַאַד פון פיר לענדער. און מיר, די הייליקע קעהילע, האָבן היינט, אַכצן אין אָוו פון יאָר פיר הונדערט זיבן און דרייסיק** צוגעגעבן שטאַרקייט צו דער זאַך, פאַרפעסטיקט דעם באַשלוס, אויסגעקלאָרט די ווערטער ,,אין קיין שום אויפן אין דער וועלט גישט", אַז דאָס טייטש, דינגען האַפּקע באַם ק י נ י ג אָ ד ע ר ז ײַ נ ע ש אַ פ ע ר ס...

צווישן די פאַרזאַמלטע האָט מען זיך אָנגעהויבן צו שעפּטשען. דער שטאָט־שרײַבער האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיש און האָט טייקעף געלייענט אַ צווייטע אוראַלטע שטרענגע טאַקאַנע, צו דערמאָנען און צו וואָרענען, אַז קיין שום ייִד טאָר נישט לײַען קיין שום קריסט פאַר וויניקער ווי צוועלף פון הונדערט, ס'זאָל נישט וואָלוול ווערן, און ס'זאָל נישט ברענגען שאָדן צו די זיין פּוגעם בונד.

ער האָט פאַרפעסטיקט און צוגעגעבן, אַז ווער ס'וועט — ,,...פאַר־שוועכן גאָטס נאָמען און ווידערשפּעניקן דער דאָזיקער אַלטער טאַ־קאַנע... זאָל זײַן אָפּגעשיידט און אָפּגעטאָן פון אַלע הייליקייטן, פאַר־וואָגלט אויף ביידע וועלטן, פאַרמישפּעט פון הימלישן און ערדישן בעסדין. זײַן ברויט זאָל זײַן געצנדינעריש ברויט, זײַן ווײַן ווי געצנ־דינערישער ווײַן, דאָס פלייש, וואָס ער עסט — ווי אַ נעווײלע, ווי פלייש פון מײַז און ווערעם, זײַן באַהעפטונג זאָל זײַן ווי זנוס, זײַן באַגראַבעניש זאָל זײַן ווי אַ באַגראַבעניש פון אַן אייזל. און אַ צוגאָב צו די קללות, וואָס זײַנען געשאָלטן געוואָרן מיט זיבן סיפרעטוירעס און צום קנאַס פון הונדערט דוקאַטן דעם קעניג, פופציק דעם וואָיע־וואָדע, פופציק דעם קאָהאַל, זאָל מען איצט נאָך פאַרהאַרבערן מיטן

* באַ הײַנטיקער צײַט.

** 1677.

כײַרעם פֿונ יעשוע בענ נונ אונ מיט שופֿערבלאָזנ באַ אויסגעלאָשענע ליכט. אונ מע זאָל יאָגנ דעם כײַרעם אויסרופֿנ אונ אויסקלעפּנ אַפֿ די טויערנ, אַז די וועלט זאָל וויסנ, זיכ היטנ אונ נישט געשטרויכלט ווערנ... פּאַרנעס אונ ראַטמענערס זאָלנ פֿאָרשנ אונ נאָכפֿרעגנ צו באַשטראָפֿנ אונ ניט מויכל צו זײַנ אונ ניט צו צודעקנ קײַנ שום מענטש אינ דער וועלט נישט, נישט איבער אַ שײַכעס, נישט איבער טוירע אונ נישט איבער קײַנ שום זאַכ...

יויזל בראַנדייס האָט אויפֿגעהויבנ די האַנטפֿלאַכ אונ פֿרעגנדיק צעשפּרייט די פֿינגער.

— אונ אַז מע שענקט דעם קיניג דעם וואָכער אַ מאַטאָנע? אונ אַז מע שענקט דעם וואָיעוואָדע נישט נאָר דעם וואָכער, נאָר אויכ דעם קערנ? אונ אויב שטאַדלאָנעס?

בענדיט סירקיס האָט זיכ איבערגעשראָקנ, קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זיכ אָבער נישט דערצערנט. ער האָט צופֿרידנ געדרייט מיטנ קאָפּ אונ געשמייכלט.

— ווי העטער־איסקע פֿונ יעשאַיע גאָענ, — מיט אַ ציטעריקנ פֿינגער האָט ער זיכ צוגערירט צו יויזל בראַנדייסעס קלייד. דאָס האָט ער אימ אַזוי מיט ווילגעניגטקײַט געגלעט.

— קומ איכ אַ פֿרײַער ווײַל, וועלנ מיר שפּילנ קאָרטנ. אינ דער יוגנט האָב איכ ליב געהאַט שפּילנ אינ קאָרטנ.

דעלאַקרוט האָט צוגערוקט צום טיש דעם שטול, אַפֿ וועלכנ דער קראַנקער זאָקנ איז געזעסנ. ער האָט אימ אַרײַנגעלייגט די פּענ אינ דער האַנט אונ אימ געהאַלטנ באַם ציטערנדיקנ געלענק. ער האָט גע־פֿירט מיט זײַנ האַנט אונ אונטערגעשריבנ זײַנ כסימע. דערנאָכ האָט ער דערלאַנגט די פּענ צו טאָדראָס סעגאַל מײַזלס.

דאָס האָט דעם אוילעם פֿאַרכידעשט.

— טאָדראָס סעגאַל מײַזלס?

דערנאָכ האָט ער דערלאַנגט די פּענ בענדיט סירקיסנ, קאָלעוו אַשקענאַזינ אונ אַלע איבעריקע לײַט. דעם קראַנקנ זאָקנ האָט אונטער־געלענט אונ אַרויסגעפֿירט טאָדראָס סעגאַל מײַזלס.

סירקיס האָט זיכ געווישט מיט אַ פֿאַטשיילע דאָס גלאַנצנדיקע פּאָנעם. זײַנע אויגנ האָבנ פֿאַרלוירנ אונ צעטומלט געבלאָנדזשעט. ער האָט נישט געזענ אונ נישט געהערט ווי עטלעכע שריט פֿאַר אימ איז געשטאַנענ אינעם אויסגעליידיקטנ זאַל קאָלעוו אַשקענאַזיס אַלטיטשקע ווײַב, אויסגעפּוצט אינ שפּיצנ אונ האַפֿטעס מיט אַ ווײַס הײַבל אַרום

דעם פארקנייטשטן אויסגעטריקנטן פאָנעם. זי האָט זיך פארנייגט אין פרענקישער מאניר און אים געבעטן צו נעמען פאר ליב און אונטערצולענען זיין הארץ מיט א מאָלצייט.

קאָלעוו אשקענאזי איז אויך נעבן אים געשטאנען מיט פארלייגטע הענט אין די ארבל. סיריקים האָט זיך געכאפט, האָט זיך אומבאהאָלפן פארנייגט, עפּעס געמורמלט און איז מיט קליינע שווערע טריט נאָך זיי נאָכגעגאנגען אין אן אנדערן צימער.

# זיבעטער קאַפּיטל

גלוויעץ איז געשטאַנען נישט ווײַט פונעם יידישן ראַטהויז און האָט זיך נײַגעריק צוגעקוקט צו די רירעוודיקע פאַרשוינען אין דער דאָזיקער פרעמדער וועלט. ער האָט נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן.

ער האָט געפּרוּווט און איז צוגעגאַנגען צו איינעם אַ יונגן מענטשן, האָט אים אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער פּלייצע און גוטמוטיק געזאָגט.

— אײַ־איי... דידלדאַטאַ, בוינע לוילעם...

ער האָט געמיינט, אַז מיט דער דאָזיקער שטאַמלעניש, מיט וועלכער פּויערים פּלעגן אַמאָל גוטמוטיק כוויזעקן פון דאָרפישן שענקער, וועט ער באַווײַזן זײַנע גוטע קאַוואָנעס און אַרויסרופן אָפנקײַט און צוטרוי.

דער יונגער אויסגעדאַרטער מענטש מיט לאַנגע געדרייטע לאָקן בײַ די שלייפן, אַפּאָנעם, אַ פרומער טאַלמוד־לערנער, האָט פון שרעק אויש צעשפּרייט די פיס, אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די פּלייצעס אַרײַן, אַפּירגעקוקט אויף גלוויעצן מיט ווילדער אימה, און פּלוצעם אָנגעהויבן מיט ביידע הענט די פּאָלעס פון זײַן כאַלאַט און, הוידענדיק זיך מיט קרומע שפּרינג, גענומען לויפן.

גלוויעץ האָט זיך אין דער ערשטער רגע פאַרכידעשט איבערן אומגעריכטן ענטפער אויף זײַן פרײַנטלעכן שמועס. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן הילכיק צו לאַכן. ער האָט גאָר איינגאַנצן פאַרגעסן צוליב וואָס ער איז דאָ אַהערגעקומען אין דער יידן־שטאָט. ער האָט זיך

אָבער גיכ געכאפּט אונ זיכ אפּסנײַ אָנגעהויבנ אומקוקנ אונ זוכנ א פּאסיקנ מענטשנ.

ער האָט דערזענ אנ אָפּגעריסנ-אָפּגעשליסנ קליינ האר יידל מיט אנ אויסגעפּוצט גראָוולעכ-בלאָנדלעכ ציגנ בערדל, מיט קליינע כיטרע-פליִענדיקע אייגעלעכ, אינ א גרויס אויסגעקראָכנ פּיקסנ היטל אפנ קאָפּ. דאָס יידל האָט פריילעכ ארומגעשפּאנט איבערנ מארק-פלאצ, איז פונ מאָל צו מאָל צוגעגאנגענ צו די אויסגעשטעלטע סכוירעס, האָט פארזשמורעט איינ אויג, ארופגערוקט דאָס היטל אפנ קארק, א צי געטאָנ דאָס בערדל, ארײַנגעלייגט עס צווישנ די ליפּנ, געביסנ די האָר אונ טיפזיניק באטראכט אונ אויסגעפּאָרשט די סכוירעס. דערנאָכ האָט ער עפּעס געזאָגט צום סויכער, ארויסגעלאָזט דאָס בערדל פונ מויל, האָט א שמייכל געטאָנ אונ איז ווײַטער געגאנגענ. גולוויעצ האָט געזענ, אז כאָטש דאָס יידל האָט גאָרנישט געקויפט, האָט קיינער אפ אימ נישט פאריבל געהאט, מע האט בלויז געשמייכלט, אָדער זיכ גוטמוטיק געזידלט.

גולוויעצ האָט באשלאָסנ, אז דאָס דארפ זײַנ דער סאמע פּאסיקסטער מענטש. ער איז געלאסנ צו אימ צוגעגאנגענ אונ, אָפּגעלערנט פונ דערפארונג, האָט ער אימ פּאמעלעכ אָנגערירט מיט איינ פינגער, קעדיי ער זאָל זיכ נישט איבערשרעקנ. ער האָט שוינ מער נישט געזאָגט: אײַ—אײַ דידלדאטא... אונ נישט ווײַסנדיק ווי מע הייבט עס אָנ א שמועס מיט אזא יידל אינ אנ אויסגעקראָכנ היטל, האָט ער אימ בלויז א ווונק געטאָנ, ער זאָל מיט אימ גיינ.

דאָס יידל האָט זיכ גאָרנישט דערשראָקנ, סע האָט בלויז א האָפּסע געטאָנ אפ צוריק, אזוי זיכ, פונ פריילעכקײַט, אונ מיט א שמייכל פרעגעוודיק געוויזנ אפ זיכ: צי מיינט ער טאקע אימ?

גולוויעצ האָט געמוזט אָפּענטפערנ מיט א שמייכל שאָקלענדיק מיטנ קאָפּ: יאָ, אימ.

דאָס יידל האָט אפ שטום-לאָשנ פרעגעוודיק געעפנט די הענט: צו וואָס? ס'איז אימ געפעלנ אזא מינ שטומער געשפּרעכ.

גולוויעצ האָט נאָכאמאָל ווילעריש א ווונק געטאָנ. אז 'מע הייסט דיר, וועט מיסטאמע רעכט זײַנ אזוי. דאָס יידל האָט אויכ פארזשמורעט איינ אויג, ארײַנגעפּאקט דאָס בערדל אינ מויל ארײַנ, ארופגערוקט דאָס היטל אפנ קארק אונ א רעגע גולוויעצנ פריילעכ אָנגעקוקט. אונ טייקעפּ האָט ער ארויסגעלאָזט דאָס בערדל פונ מויל אונ א שאָקל געגעבנ מיטנ קאָפּ. דאָס האָט באטײַט: יאָ, גוט, ער איז גרייט

און פֿאַרשטייט, כאָטש ער האָט גאָרנישט פֿאַרשטאַנען און בלויז באַטראַכט, צי מע קאָן דאָ עפּעס פֿאַרדינען און צי ס'איז נישט קיין סאַקאָנע זיך אַרײַנצולאָזן מיט דעם דאָזיקן פֿרײַלעכן פּאַרעץ.

גאָלוויעץ האָט אים געפֿרעגט ווי ער הייסט.

— שעפּסל, — האָט ער ווידער געזשמורעט אַן אויג, ווי ער וואָלט געזאָגט עפּעס אַזאַ זאַך, וואָס דער פּאָרעץ גאַרט עס שוין לאַנג צו הערן און דאַרף עס נייטיק האָבן.

— שעפּסלאַ! — גאָלוויעץ האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער האָט אַ ווײַז געטאָן: נו, זאָל ער מיט אים גיין.

גאָלוויעץ האָט גענומען גיך שפּאַנען, און שעפּסל איז נאָך אים אומטערחיפּנדיק נאָכגעלאָפֿן.

גאָלוויעץ האָט זיך פֿון מאָל צו מאָל אומגעקוקט צי שעפּסל גייט אים נאָך. זיי זײַנען אַרויס פֿון דער ייִדן־שטאָט און געגאַנגען אַ שטיק וועגנס פּאַזע אַ טײַכל, וואָס פֿאַלט אַרײַן אין ווײַסל, און האָבן פֿאַרקערעוועט אויפֿן קלעפּאַר. דער ייִד האָט אָנגעהויבן אָפּשטיין און גאָלוויעץ האָט אַלע ווײַלע געמוזט אויף אים צוּוואַרטן. זיי האָבן זיך דערווײַטערט פֿון דער שטאָט און זײַנען געגאַנגען מיטן שליאַך, ביז זיי זײַנען אײַנגיכן אָנגעקומען נישט ווײַט פֿונעם דערפֿל טשאַרנאָוויעש. גאָלוויעץ האָט פֿאַרקערעוועט פֿונעם שליאַך אויף אַ סטעזשקע און איז אַרײַן אין אַ פֿאַרלאָזענער מיט גראָז באַוואָקסענער פֿריִצישער אַלייע פֿון ליפּעס. אויפֿן סאָף פֿון דער אַליי איז געשטאַנען אַ קליינער גרויער יאַגד־פּאַלאַצל, אַן אַלטס און פֿאַרוואָרלאָזטס מיט אומעטום אָפּגעקרישלטער שטוקאַטור. גאָלוויעץ איז דורך אַ טירל פֿונעם גאָרטן אַרײַן אין הויז און געוווּנקען שעפּסלען ער זאָל אויך נאָכגיין. שעפּסל האָט זיך אַ רעגע געאָמפּערט, אַרײַנגערוקט דאָס בערדל אין מויל אַרײַן. אָבער באַלד האָט ער אַנטשלאָסן אַרופֿגערוקט דאָס היטל אויפֿן קאַרק און איז מוטיק אַרײַן אין פּאַלאַצל.

גאָלוויעץ האָט אים געפֿירט דורך פּוסטע ניטרבאַווינטע צימערן, אָנגעוואַלגערטע מיט צעבראָכן מעבל. קיין לעבעדיקער נפֿש האָט זיך אינערגעץ נישט געוויזן. זיי זײַנען פֿון דער אַנדערער זײַט צוריק אַרויס פֿונעם הויפּט־געבײַ און דורך אַ גערטנדל זײַנען זיי אַרײַן אין אַ זײַטיקן הילצערנעם פֿליגל. דאָ האָט גאָלוויעצן שווײַגנדיק באַגריסט אַ גרײַזגראָער דינער. בײַדע האָבן דאָ אָבער גאָרנישט געזאָגט. גאָלוויעץ האָט זיך אָנגעכמורעט. די צימערלעך, דורך וועלכע זיי זײַנען איצט דורכגעגאַנגען, האָבן אויסגעזען אַזוי ווי ס'ווואָלט עמעצער אין

זיי געווינט. בא איינער א טיר האָט זיכ גולוויעצ אָפּגעשטעלט, צו־געלייגט אנ אויער און זיכ אײַנגעהערט. דערנאָכ האָט ער זי געעפנט. שעפּסל האָט דאָרט געזענ עמעצנ זיצנ באמ טיש, האָט ער זיכ גע־קווענקלט צי ער זאָל ארײַנגיינ. גולוויעצ האָט אימ אָבער געווונקענ, ער זאָל נאָכ אימ נאָכגיינ.

אפ א שטול איז אונטערגעשפּארט מיט קישנס באמ טיש גראָד און שטײַפ געזעסנ א הויכער אלטער מאנ מיט א פּירקאנטיק פּאָנעמ, א לאנגער גרוי־ווײַסער באָרד און קורצ געשוירענע שטארצנדיקע האָר אפנ בלויזנ קאָפּ. כאָטש סע איז פאר אימ אפנ טיש געלעגנ א גרוי־סער בוכ, האָט ער מיט אויסגעבלעכטע אויגנ, אונטער וועלכע ער האָט געהאט גרויסע געשוואָלענע זעקעלעכ, שטרענג און אומבאוועג־לעכ געשטארט אינ דער לופט ארײַנ.

זיי זײַנענ גיכ פארבײַגעגאנגענ דעמ דאָזיקנ צימער. גולוויעצ האָט צו שעפּסלענ א וואונק געטאָנ.

— האָסט געזענ? דער זיידע. צוואנציק יאָר שוינ זיצט ער ווי א געצ און שטארט אינ דער לופט ארײַנ.

— און ער רעדט קיינמאָל נישט? — האָט שעפּסל נײַגעריק א שעפּטשע געטאָנ.

— ריידנ רעדט ער בלויז ווענ מע ברענגט אימ ארײַנ אינ קאס.

— ווער ברענגט אימ ארײַנ אינ קאס? — שעפּסל האָט זיכ גע־וואונדערט.

— די ברידער פראנציסקאנער פונעמ נאָענטנ קלויסטער.

שעפּסל האָט אופגעהערט צו זשמורענ מיט די אויגנ און איבער־צופרעגנ. ער האָט זיכ דערשראָקנ.

זיי זײַנענ דורכגעגאנגענ דורכ אלע צימערנ פונ דעמ דאָזיקנ פליגל און זײַנענ ווידעראמאָל דורכנ גאָרטנ ארײַנ אינ א קליינ וואכטער־הײַזל. אינעמ צימער איז בלויז געשטאנענ א גרויסער קאסטנ אפ רע־דלעכ און א ניט־צוגעבעט בעט, אפ וועלכנ ס'איז געלעגנ א סויב־לענער פעלצ. גולוויעצ האָט זיכ האלב אָנגעשפּארט, האלב ארופגעזעצט אפנ קאסטנ. ער האָט א מאכ געטאָנ און געוויזנ מיט דער האנט אפנ צימער.

— זײַ וויסנ און האָב נישט קיינ טײַנעס. דאָס איז אלצ. מער פארמאָגנ איצט די גולוויעצעס גאָרנישט. אי דאָס אדאנק דער גנאָד פונ די פּאָטערס פראנציסקאנער, וואָס דערלויבנ דעמ זאָקנ אויסצו־צאָקענ די יאָרנ און טשעפּענ נישט די צעבראָכענע בעבעכעס. זײַט

העכער צוואַנציק יאָר איז דאָס אַלץ זייערס... דו ווייסט דאָכ, וואָס איכ דאַרפ.

— וואָס? — האָט שוינ שעפּסל אַפּ אַנ ערנסט מוירע געקריגנ אונ נישט פאַרשטאַנענ גאָרנישט.

— ווייסט נישט? — גולוויעצ האָט זיכ געכידעשט. — מאַכ נישט קיינ אָנשטעל. איכ וועל דיר געבנ וויפל דו ווילסט.

— גנאָדיקער, ליבטיקער האַר...

— גוט. זאָג מיר די סוידעס.

— וואָסערע סוידעס?

גולוויעצ האָט געקנייטשט דעמ שטערנ אונ איז געוואָרנ אומגעדולדיק.

— ווייסט וויל. די ייִדישע סוידעס.

— וואָסערע ייִדישע סוידעס?

— נו... פונ דער ייִדישער רעליגיע. מיר מעגסטו זאָגנ. אַפּ מײַנ פּלייצע זיצט אַ ייִדישער טײַוול.

שעפּסל האָט זיכ דערשראָקנ. ער האָט אָנגעכאַפּט די באָרד אונ געוואָלט זי אַרײַנשטעקנ אינ מויל, ער האָט זיכ אָבער גיכ באַטראַכט, איז מיט דריבנעניקע טריט אָפּגעגאַנגענ פונ גולוויעצנ אונ האָט אימ אָנגעקוקט מיט איינ אייגל.

— אַפּ דער פּלייצע? — ער האָט זיכ אופגעשטעלט אַפּ די שפּיצ פינגער אונ קלוימערשט נאָכגעקוקט. — ניינ, אַפּ דער פּלייצע נישט.

— נישט? אונ וווּ־זשע זעסטו אימ?

שעפּסל האָט בלויז מיט אַ געמאַכטער פריילעכקייט געזשמורעט די אויגנ.

גולוויעצ איז בייז געוואָרנ.

— זאָג די סוידעס.

— איכ ווייס נישט קיינ סוידעס, נישטאָ קיינ סוידעס...

— איכ ווייס נישט קיינ סוידעס... — האָט גולוויעצ אימ נאָכגעשפּעט אונ האָט זיכ אָנגעכמורעט. — מיכ טאָר מענ נישט רייצנ, ייִדקע.

— איכ בינ אַ שמוקלער, אַ היטלמאַכער בינ איכ אונ אַ קירזשנער... איכ ווייס גאָרנישט.

גולוויעצ איז דראָענדיק אָפּגעשפּרונגענ פונעמ קאַסטנ.

— די סוידעס דערצייל!..

שעפּסל האָט מיט גיכע דריבנע טריט געהיפּט צומ בעט־ווענטל.

גאָלוויעץ איז נאָך אים נאָכגעגאַנגען. שעפּסל איז געלאָפֿן אין אַנדערן עק פֿונעם צימער.

— דערציילן!..

שעפּסל האָט זיך באַטראַכט, איז מוטיק צו אים צוגעגאַנגען, האָט אָנגעכאַפּט דאָס בערדל און אַרויפֿגעקוקט צום הויכן גאָלוויעץ.

— אַשטייגער, יאַשניע פּאַניע, ווען דו קומסט אַזוי, ווי דו שטייסט און גייסט, פֿאַר דעם נאַציאָנאַלישן פּאַן יעגאָמאָשטש דעם קיניג... ניין... — האָט ער זיך פֿאַרריכט — ניט פֿאַר אונדזערן, נאָר פֿאַרן טערקישן, דעם פּסי-בראַט.

גאָלוויעץ האָט זיך טייקעף באַרויִקט און האָט זיך נײַגעריק צוגעהערט.

— וויאַזוי פּלוצעם צום טערקישן?..

— נו, לאָמיר זאָגן, אַלפּי-מאָשל, אַז פּלוצעם, דורך אַ צופֿאַל. און דער קיניג טשעפּעט זיך צו דיר: מאָספּאַניע, זאָגט ער צו דיר, ווײַז מיר אַהער דײַן באָרט. מײַן באָרט? איך בין דאָך געגאָלט, ווי האָב איך אַ באָרט? און ער טײַנעט דאָס זײַניקע: ווײַז, מאָספּאַניע, דײַן באָרט. וויאַזוי, נאַציאָנאַלישע, קאָן איך דיר ווייזן מײַן באָרט, אַז איך האָב גאָר קיין באָרט נישט? ווײַז מיר דײַן באָרט! כ'האָב דאָך נישט קיין באָרט! ווײַז די באָרט! — נישטאָ קיין באָרט, די באָרט — נישטאָ באָרט. און אַז דער קיניג טופּעט מיט די פֿיס: די באָרט! די באָרט ווײַז!.. אַ טי פּשאַ מאַטש, ווערסטו זיך דערצערנען... און שליופּ אים אין מאָרדע איינס, און שליופּ אים אין מאָרדע צוויי, און שליופּ אים אין מאָרדע דרײַ... דו, פּשיאַ וויאַראַ, ווערסטו, יאַשניע פּאַניע, זאָגן, אָט האָסטו דיר אַ באָרט... — שעפּסל האָט זיך דערבײַ פֿאַרמאָסטן און מיט זײַן דאַר הענטל געוויזן ווי גאָלוויעץ וועט דאָס מאַכן שליופּ...

גאָלוויעץ האָט זיך צעלאַכט.

— כיטרע ביסטו, שעפּסלאַ... — און האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט אױפֿן קאַסטן.

שעפּסל האָט פֿאַרזשמורעט אַן אויג און געווונקען. גאָלוויעץ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט גלײַך ווי ער וואָלט אים צוליב געטאָן און זיך אָפּגעזאָגט פֿון זײַן ווילן.

— ווילסט נישט דערציילן, איז נישט... טאָ לײַ מיר צוויי טויזנט טאָלער.

— אה... — האָט זיך שעפּסל ווידער דערשראָקן.

— נישט אפנ זיידנס גיטער, ניינ, — האָט אים גולוויעצ געוואָלט בארויִקנ. — ניינ... איכ פארמאָגט גאָכ גיטער, וואָלבראם אונ סענדישעוו... — אונ מײַנ ווײַב איז רײַכ, העזהע... אונ די זשופּעס אינ וויעליטשקע אונ באָכניע האָב איכ דאָכ געדונגענ... — גולוויעצ האָט זיכ בארימט, אָבער גיכ האָט ער זיכ באטראכט, דעמ שטערנ אָנגעכמורעט אונ זיכ פאריכט — ניינ... די זשופּעס נישט... גו?

— קיינ צוויי הארטע גראָשנס קאָנ איכ דיר נישט לײַענ, גנאָדיקער האר. איכ בינ דאָכ אנ אָרעמער היטלמאכער... וואָס פאלט דיר אײַנ, גנאָדיקער האר...

— אנ אָרעמער היטלמאכער... — גולוויעצ האָט זיכ איבערגעקרימט — אלע ייִדנ האָבנ געלט, אלע ייִדנ לײַענ.

— אלע? — האָט זיכ שעפּסל פארכידעשט איבער אזעלכע רייד. — ניינ, נישט אלע. זעסטו, יאשניע פּאניע, — האָט ער זיכ באמיט ווייכ אונ פארשטענדלעכ צו ריידנ, ווי אז מע וויל עפּעס קלאָר מאכנ אנ אײַנגעשפּארטנ קינד. — איכ בינ אזא היטלמאכער, וואָס טאָר אפילע קיינ היטלענ נישט מאכנ, א שמוקלער, וואָס טאָר קיינ איינ פּרענדזל נישט דרייענ. דאָס איז, ווײַל איכ האָב נישט אָפּ זיכ אײַנצוקויפנ אינ צעכ. די ייִדישע צעכ־הארנ יאָגנ אונ טרייבנ מיכ, זיי ווילנ מיכ שמײַסנ אונ מיר אָפּשנײַדנ די אויערנ. אלע כוידעש טרײַבט מענ מיכ ארויס פונ שטאָט. אונ פונ איינ טויער ארויס אונ אינ א פּאָר וואָכנ ארומ אינ אנדערנ טויער ארײַנ, ווײַל ס'יאָגט מיכ די נויט. א היטל, בעסווידע־סווידעס, פאר א מיעשטשאנינ, א פעלצ אופּנייענ בא א ייִד פאר האלב געלט, אמאָל א מאָלצײַט גלאט אינ גאָטס נאָמענ, דאָס איז מײַנ צערונג אונ מײַנ דערנערונג... ווי־זשע, גנאָדיקער האר, זאָל איכ דיר געלט לײַענ? א היטל, זעסטו, יאשניע פּאניע, אופּנייענ, דאָס יאָ, א זשופּאנ מיט פראנדזנ, אָדער וואָס... איכ בינ פלינק אונ גענײט אינ אלע מעלאָכעס...

גולוויעצ האָט ניט־צופרידנ אונ עפּעס ווי פארשעמט געדרייט מיטנ קאָפּ.

— טאָ לײַ דיר בא מיר פופציק, הונדערט גילדנ.

שעפּסל האָט געשוויגנ. גולוויעצ איז ווידער בייז געוואָרנ.

— איכ האָב נישט קיינ געלט. גיי צו די ייִדנ וועלנ זיי דיר לײַענ.

שעפּסל האָט געשוויגנ.

— זיי ווילנ נישט? זיי לײַענ יעדערנ. אויב דו האָסט נאָר גיטער אָדער אנ אנדערנ מאשקנ.

שעפּסל האָט גאָרנישט געענטפערט. דאָס האָט גולוויעצן צערייצט.

— ווייסט, אַז דײַן גאָט איז דער טײַוול?

שעפּסל האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אָפּ ניין, אַז ער ווייסט נישט.

— טאָ זאָלסטו וויסן.

— ניין. גאָט איז גאָט און טײַוול איז טײַוול.

— העהע... גאָט איז שוין לאַנג געשטאָרבן, אָפּ זײַן אָרט זיצט אַ פאַרשטעלטער דער טײַוול, און אַלע מיינען נאָך אַלץ, אַז ס'איז גאָט. דער זיידע האָט אים אַנומלט געזען מיט אייגענע אויגן. די מאָ־גאַכן ווייסן דאָס וואויל, נאָר זיי שווײַגן.

שעפּסל האָט אַ ווײַל נאָכגעטראַכט און מיט אַ ווייך קאָל דער־קלערט גולוויעצן.

— נישט אַזוי, יאַשניע פּאַניע. דאָס איז געווען אַנדערש. אַ גרוי־סער געלערנטער אונדזערער, אַ הייליקער מאַן, האָט פאַר לאַנגע צײַטן דערציילט וויאַזוי דאָס האָט זיך געטראָפן. ווען איך בין נאָך געווען אַ קליין יינגל אין חדר לער, האָב איך דאָס געהערט פון אַלטע געזעלן אין פוירן. געווען איז אַזוי: דער קיניג פון די טײַוולאָנים, אשמינדײַ, איז שוין זײַט אַ לאַנגער צייט געשטאָרבן און די טײַוולאָנים האָבן באַקומען אַ נײַעם מיילעך. איז אָבער זײַן נאָמען נאָך נישט באַקאַנט. און אַז מע ווייסט נישט דעם נאָמען, קאָן מען אים נישט רופן. דעריבער האָבן זײַט יענער צײַט די מאַכשייפעס קיין שום קויעך נישט... און דיר, יאַשניע פּאַניע, האָט מען נישט ריכטיק דער־ציילט.

גולוויעץ האָט זיך זשעדנע צוגעהערט.

— דערצייל נאָך סוידעס, ייִדישע סוידעס.

— ...ווײַז די באָרט... כ'האָב נישט קיין באָרט, די באָרט... נישטאָ קיין באָרט, שליופּ איינס, שליופּ צוויי, שליופּ דרײַ.... — גולוויעץ האָט זיך צעלאַכט

— איז לײַ מיר געלט.

— באָרט... נישטאָ קיין באָרט, שליופּ איינס... צוויי... דרײַ...

— ווייסטו, איך האָב שוין אַנומלט אַזאַ ווי דו געהאַרגעט. אָבער אַז מע וועט די ייִדן אויסהאַרגענען... ווער וועט לײַען געלט? — און ער האָט זיך אַליין געענטפערט: — די מאָנאַכן.

שעפּסל האָט אין גרויסער שרעק געשוויגן.

— וועלן זיי לײַען?

— ווער סע האָט, יאַשניע פּאַניע, וועט לײַען.

גאָלוויעץ האָט פֿאַרלאָרן דעם גאַנג פֿון זײַנע געדאַנקען. ער האָט א ווײַלע געטראַכט.

— דו ווייסט צו וואָס איך האָב דיך גערופֿן.

— א היטל אויפֿשטעלן, א זשופּאַן אויפֿנייען, פּאַזומענטן דרייען און צו א סאַך אַנדערע קונסטפֿאַרטיקײַטן בין איך א מײַנסטער, נאָר די צעכלײַט טאָרן נישט וויסן, אַז איך האָב פֿאַר דיר געאַרבעט. ש־ש־ש...

גאָלוויעץ האָט זיך נישט צוגעהערט צו זײַנע רייד.

— גוט. מאַך, איך זאָל ווערן א ייִד.

שעפּסל האָט דאָס אויפֿגענומען ווי א ווערטל.

— אַז ווער מאַכן איך זאָל ווערן א גראַף, וועל איך מאַכן. זאָלסט ווערן א ייִד.

אין דער זעלבער רגע איז פֿאַרבײַ זײַן קאָפּ דורכגעפֿלויגן א שווערד. גאָלוויעצעס אויגן זײַנען פֿאַרלאָפֿן מיט בלוט און ער האָט געקריצט מיט די ציין.

— דו הונטיש בלוט, דו... מאַך איך זאָל ווערן א ייִד. אָט, נעם און מאַך... — ער האָט אָנגעכאַפּט שעפּסלען בײַ דער באָרד און געטרייסלט מיט זײַן קאָפּ.

— איך וועל מאַכן... — האָט שעפּסל געשריגן. ווען גאָלוויעץ האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט ער געזאָגט.

— ווי קאָנסטו זײַן א ייִד אָן א היטל ווי די ייִדן טראָגן? ערשט מוזטו האָבן אַזאַ מין ייִדיש היטל מיט אײַנגענייטן פֿאַרמעט און מיט דרײַ סווידעסדיקע צייכנס...

גאָלוויעץ האָט זיך טייקעף באַרויִקט.

— טאָ מאַך אַזאַ היטל.

— איך וועל מאַכן.

— טייקעף זעץ זיך מאַכן.

— איך מוז האָבן פֿוטער, געצײַג. גיב מיר פֿוטער, איך וועל דאָס מיטנעמען און דיר מאָרגן ברענגען אַזאַ היטל.

— ניין. טייקעף דאָ זאָלסטו נייען. אָט, נאַ דיר פֿוטער... — ער האָט אים דערלאַנגט דעם סויבלענעם פֿעלץ, וואָס איז געלעגן אויפֿן בעט.

— און געצײַג?

— מאַך אָן געצײַג.

— גוט, איך וועל מאַכן אָן געצײַג. אָבער הייס וואַסער מוז איך האָבן אויפֿ אויסצוגלעטן און ווייך צו מאַכן דאָס פֿוטער.

— מאכ אַנ היים וואסער.
— זאָל זײַנ מיט קאלט וואסער.
— מאכ אַנ קאלט וואסער.
שעפּסל האָט מיט אנטשלאָסנקײַט אוועקגעלייגט דאָס פּוטעד.
— נייִנ. אַנ וואסער קאָנ מענ נישט.
— קום. איכ וועל מיט דיר גייִנ, וועסטו דיר נעמענ וואסער.
זיי זײַנענ ארויסגעגאנגענ אינ גאָרטנ. שעפּסל האָט באַמערקט, אז גולוויעצ שיקלט אלצ קעסיידער אונ קוקט זיכ אריבער איבער דער אייגענער פּלייצע. שעפּסל האָט זיכ אופגעהויבנ אפ די שפּיצ פינגער אונ אויכ געקוקט איבער גולוויעצעס פּלייצע.
— דו זעסט עפּעס? — האָט אימ גולוויעצ אומרויִק געפרעגט.
— אוואדע זע איכ.
— וואָס זעסטו? דאָס טײַוועלע?
— דאָס טײַוועלע.
— כאַפּ עס, אוי, כאַפּ עס!
שעפּסל האָט געשארט מיט דער האנט איבער גולוויעצעס פּלייצע.
— ס'גליטשט זיכ ארויס פונ דער האנט.
— ס'איז א פּיצינקע?
— א פּיצינקע, ווי א האנט די גרויס, מיט הענטלעכ אונ פיסלעכ אונ אנ עקל, ווי א מאלפּעלע.
גולוויעצ האָט א וואָיע געטאָנ. ער האָט געשטופּט שעפּסלענ זײַנ שווערד אינ דער האנט ארײַנ.
— נא, גיכער... שטעכ אימ, אוי, האק אימ אראָפּ פונ מיר.
שעפּסל האָט געפאָכעט איבער גולוויעצעס פּלייצע. גולוויעצ האָט זיכ אָנגעבויגנ.
— האָסט אימ געהארגעט?
— א שטאָכ געטאָנ האָב איכ אימ, אָבער נאָכ נישט דערהארגעט. ער לויפט אהינ אונ צוריק אונ איכ קאָנ אימ נישט כאפּנ. איכ בינ א נידעריקער אונ קאָנ נישט גרינג דערלאנגענ צו דײַנ פּלייצע. לייג זיכ, יאשניע פּאניע, אנידער אפנ גראָז, וועל איכ אימ אינגאנצנ טויטנ.
גולוויעצ האָט זיכ אנידערגעלייגט מיטנ קאָפּ אראָפּ.
— אוי, הארגע אימ, אינגאנצנ...
אינ דער זעלבער מינוט האָט שעפּסל אוועקגעוואָרפנ די שווערד אונ גענומענ מיט אלע קויכעס לויפנ איבערנ גאָרטנ, פונ דאָרט אינ דער אליי, פונ דער אליי צומ שליאכ אונ ערשט ווענ ער איז שוינ

געוועג גאנץ נאָענט בא דער שטאָט, האָט ער זיך דערוועגט אומצו־קוקן.

אָנגעקומען אין דער ייִדן־שטאָט, האָט זײַן בערדל געציטערט פון שרעק, און ער איז אינגאנצן געווען באַגאָסן מיט שווייס. אָבער זײַנע אויגן האָבן זיך פריילעך געזשמורעט און צו די פאַרבײַגייערס ביטרע געווונקען.

— גאָט האָט דיר צוגעשיקט?.. — האָבן אים אונטערן בערגל, ווי סע וווינען די געמיינע לײַט ארומגערינגלט און געפרעגט עטלעכע ליידיקגייערס.

— אַ טײַוועלע פון דער פלייצע האָב איך אַראָפגעשארט... — און ער האָט, ווי זײַן שטייגער, ביטרע אַ ווונק געטאָן.

צווישן די באוווינערס אפן פלאַץ אונטערן בערגל האָט זיך גיך פאַרשפּרייט, אז שעפסל דער שמוקלער האָט געפונען ביין אין די אויגן פון אַ גרויסן פּאָרעץ.

# אכטער קאפּיטל

פונ דער אנדערער זײַט בערגל, נידעריקער א ביסל פונ דער געמויערטער הויכ־שטאָקיקער יידנ־שטאָט, האָט זיכ אויסגעשפּרייט א גאנצע צווייטע שטאָט. א הילצערנע, קוטיקע, אָפּגעלאָזענע אונ אָרעמע. דאָס בערגל אליינ איז געווענ א קליינס, מיט א הילצערנ טורעמל, אפ וועלכנ א וואכטער האָט באטאָג אונ בא־נאכט געהיט די יידנ־שטאָט פאר סריפעס, אונ אינ אומרויִקע צײַטנ געדארפט וואָרענענ פאר אָנפאלנ פונ דרויסנ. פונ דער אנדערער זײַט האָט זיכ דאָס בערגל מעשופּע אָפּגעהאקט, אונ צו זײַנ וואנט זײַנענ געווענ צוגעקלעפּט הילצערנע בײַדלעכ. פונדאנענ אָנ האָבנ זיכ געצויגנ אינ א ניט־רעגלמעסיקנ קרײַז אלטע אײַנגעהויקערטע הילצערנע הײַזלעכ, איינס ארײַנגעטוליעט אינעמ צווייטנ, צווישנ צוויי ארײַנגעלאטעט א דריטס, אויפגעבויטע פונ פאשעטע בעלקעס אונ ברעטער, ניט געפארבטע אונ ניט געקאלכטע, שווארצע אונ דורכגעפוילטע פונ צײַט אונ פונ רעגנ. ריזיקע שטשורעס זײַנענ דאָרט ארומגעלאָפנ אינמיטנ טאָג, אונ פונ נאָענטנ שעכטהויז האָט זיכ געצויגנ א שארפער איפּעש, אויסגעמישט מיטנ פארביסענעמ רייעכ פונ פארפוילטע ציבעלעס אונ פארבאקענער שטאָנע. אפ דער ערד האָבנ זיכ דאָ אומעטומ געוואלגערט בלעטלעכ פונ קרויט, פונ ציבעלעס אינ פוילנדיקע קישקעלעכ פונ הינער, אָפּפאל פונ פוטער, פונ שטריק, פונ האָרנ, קינדערשער קויט. פילקאָליריקע קאלוזשעס פונ פאָמישאפּנ, וואָס מע האָט דאָ ארויסגעגאָסנ פונ די פענצטערס ארויס, האָבנ זיכ געטריקנט אונ געפרייעט אינ דער זונ.

אינמיטן פּלאַץ נעבן דעם אַרומגעמויערטן קליינעם אוראַלטן בעסוילעם איז געשטאַנען אַ גרויסע פּלומפּ אַף אַ קײַלעכיקן אונטערגעבײַ פון ציגל. דאָס וואַסער האָט מען אַרופגעקאַטשעט מיט אַן אײַזערנער קאָלבע. פון דער רער האָט זיך דער שטראָם געגאָסן אין אַ ריזיקער פון פוילקײַט און רעגן אויסנווייניק שוואַרצער און אינעווייניק גריגער פאַס, און פון איר האָט מען דאָס וואַסער געשעפּט מיט קענדלעך. די פאַרזשאַווערטע זאַוויעסעס און אײַזנס אינעם ברונעם האָבן באַם פּלומפּן געסקריפּעט און געשריגן אַ גאַנצן געזאַנג. אַרום דער פּלומפּ אַפן אונטערגעמויער האָבן זיך געשפּילט אָפּגעריסענע יינגלעך, און עטלעכע זקיינים האָבן זיך געוואַרעמט אין דער זון.

דאָ האָבן געוווינט די אָרעמסטע געזעלן, באַווײַבטע און מיט קינדער, אָרעמע לאַטוטניקעס, וואָס האָבן זיך נישט אײַנגעקויפט אין די צעכן, און וואָס זייער רעכט צו וווינען אין דער שטאָט איז געווען ספּעקדיק. ס'האָבן דאָ געוווינט קעסל־שמידן, טעפּערס און דראָטערס, באַרבירערס, וואָס זײַנען נישט דורכגעגאַנגען די פאַרגעשריבענע לער, וואַסערטרעגערס, לאַנדגייערס, פערד־פעלשערס, בעטלערס, אָרעמע קראַנקע, וואָס זײַנען פון שטעט און דערפער געקומען זיך היילן אין העקדעש, פאַלשמינצערס, גאַנצע באַנדעס גאַנאָווים, קונצנמאַכערס, מאַרשעליקעס, באַד־מעשאָרסים, קעכנס, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין שטעלע, אָרעמע לערנערס פון דער ישיווע, הורן, שינדערס פון נעווילעס, גאַרבער־געזעלן, ליכטציִערס, רעקן, וואָס האָבן געדינט אין דער קעהילע אַף צו באַוואַכן די טפּיסע און אויסצופירן לײַב־שטראָפן, קאָרטנוואַרפערנס, קישעפמאַכערס, שאַבסע־צוויניקעס פון מאָראַוויע, קוימענקערערס און אָפּטריט־רייניקערס.

די קעהילע האָט זיך דאָ נישט געפילט זיכער מיט איר אָנזעץ, זי האָט זיך אַהערצו נישט דערוועגט אַרײַנצוקוקן, סײַדן ווען זי איז געגאַנגען באַשיצט פון עטלעכע רעקן, וואָס האָבן טאַקע דאָ געמוזט וווינען, כאָטש זיי האָבן באַקומען גוטע לוין סײַ פון קאָהאָל סײַ פון יענע באַוווינערס אונטערן בערגל, וואָס האָבן איבער עפּעס אַ סיבע געדאַרפט מוירע האָבן פאַרן אויג פון קאָהאָל.

דערפאַר אָבער האָבן די רעקן, ווען זיי זײַנען געקומען מיטן באַפויל פון קאָהאָל, קיינעם פון זייערע פריִערדיקע באַקאַנטע דאָ נישט דערקענט און אָן רחמנות אויסגעפירט, וואָס מע האָט זיי געהייסן.

ווען די קאָהאָלשע זוכעס האָבן זיך באַוויזן, איז געוואָרן אַ בעהאָלע אונטערן בערגל. מענטשן האָבן אָנגעהויבן לויפן איבערן פּלאַץ,

ארײַנכאַפּנ זיכ אינ די שטיבער, צוקלאַפּנ די טירנ. איינ שטוב האָט צו ווײַזנ געטאָנ דער אַנדערער, אונ אינ דער זעלבער מינוט האָבנ שוינ אַלע געוווּסט, אַז דער יידישער געהילפ פונעם סענדזשיע פּאָחוואָיע־וואָדזשינסקי, יויזל בראַנדייס, איז געקומענ מיט די קאַהאָלשע רעקנ דורכנישטערנ דאָס בערגל אונ אויסכאַפּנ די לײַט, וואָס האָבנ נישט קיינ בעזיקעס האַקעהילע *.

פּאָרויס איז געגאַנגענ ווראָמע דרוקערס, אַ ריזיקער פאַרשוינ מיט אַנ אָקסיש ברייטנ קאַרק, צוגעפּלעטשטער נאָז אונ שוואַרצער געקרײַזלטער באָרד. אויפנ קאָפּ האָט ער געטראָגנ אַ לאַפּנ־מיצל אונ אינ דער האַנט אַ העלעבאַרדע.

די העלעבאַרדע, אַנ אויסגעקרימטע אונ אַ צעפּרעסענע פונ זשאַווער, איז געווענ אַ קאָהאָלשע, איז געלעגנ אַ גאַנצ יאָר אונ געזשאַווערט אינ יידישנ ראַטהויז, זי איז בלויז באַנוצט געוואָרנ אַלס צייכנ פונ מאַכט אונ אָנזענ אינ אַזעלכע פאַלנ ווי הײַנט. פונדעסטוועגנ האָט זי אָנגעוואָרפנ אַ גרויסע אײמע אויפ די באַוווינער פונ אונטערנ בערגל, ווײַל זי האָט געגעבנ אָנצוהערנ, אַז דאָס זײַנענ שוינ הײַנט נישט יענע רעקנ, מיט וועלכע זיי זײַנענ גוט באַקאַנט, אונ אַז אויפ קיינ שום ווייכקײַט קאָנ מענ זיכ בײַ זיי הײַנט נישט ריכטנ. נאָכ ווראָמע דרוקערס זײַנענ געגאַנגענ פיר פונ די ברידער בעטלערים, אויכ מיט אַזעלכע העלעבאַרדעס אינ דער האַנט. אינ דער זײַט, אַ ביסל אָפּגעזונדערט פונ די רעקנ, זײַנענ געגאַנגענ יויזל בראַנדייס אונ דער קאָהאָלשער שרײַבער מאַטעס דעלאַקרוט.

דער שרײַבער האָט ארײַנגעקוקט אינ אַ געשריפטס אונ עפּעס געזאָגט צו ווראָמע דרוקערס. ווראָמע האָט אַ קלאַפּ געטאָנ מיט דער העלעבאַרדע אינ אַ שטיבל. אינ דער זעלבער מינוט האָט איינער פונ די רעקנ אַ פליִנקנ שפּרונג געטאָנ אינ אַ זײַט אונ אָנגעכאַפּט אַ לויפנדיקנ יונג, וואָס האָט זיכ ארויסגעגאַנוועט פונ אַ פענצטער אונ געוואָלט אַנטרונענ ווערנ דורכ זײַטיקע געסלעכ. דער יונג האָט געשאָלטנ אונ זיכ געזידלט. ס׳האָט אים אָבער גאָרנישט געהאָלפנ. מע האָט אים אַוועקגעשטעלט צווישנ די פיר ברידער בעטלערים, וואָס האָבנ אָנשפּאַרנדיק די העלעבאַרדעס אויפ דער ערד, אויסגעקערעוועט צו אים די האַק.

ווראָמע דרוקערס האָט ארויסגעשלעפּט פונ אַ שטיבל אַ מויד

* אײַנגעקויפטע רעכט צו וווינענ אינ דער יידנ־שטאָט.

מיט צעשויבערטע האָר. זי האָט זיך געוואָרפן, ווי א צעפּאָלאָשעטע הון, האָט געמאכט מיט די פויסטן, זיך געשטויסן און געגוואלדע-וועט:

— מאמע, 'מאקעס מײַנע און ווונדן!..

מאטעס דעלאקרוט האָט קאלטבלוטיק געזאָגט צו יויזל בראנדייס.

—א קעכנע בא עליאָקום דייכעס. שאבעס איז זי ארומגעגאנגען אין דאמאסטענע טיכער און מיט פּערל אפן הײַבל. זי האָט קאליע געמאכט געזעלן און זיי אָנגערייצט צו זינד. — ווראָמע האָט זי גיך אוועקגעשטעלט נעבן דעם יונג, וואָס איז שוין געשטאנען צווישן די פיר העק פון די רעקן.

גראָד דעמלט איז אָנגעקומען שעפּסל געץ, הער שמוקלער. ער האָט זיך רויק אוועקגעשטעלט און זיך נײַגעריק צוגעקוקט, גלײַך ס'וואָלט אים נישט אײַנגעפאלן, אז דאָס קאָן האָבן א שײַכעס צו אים.

— שאָלעם אלייכעם... — ווראָמע האָט אים אָנגענומען פארן ארבל און אים געשלעפּט צו די רעקן.

שעפּסל געץ האָט געלאסן אראָפּגעקוקט צו ווראָמעס האנט, וואָס האָט אים געהאלטן באַם עלנבויגן.

— אלייכעם האשאָלעם... פּאמעלעכן, ווראָמע, דײַן האנט איז הארט.

— מאך נישט קיין האוויעס. — ווראָמע האָט אים א שלעפּ געטאָן.

— וואָס טוט ער? — האָט זיך שעפּסל געוועגדט צו יויזל בראנדייס מיט א פארווונדערטן פּאָרוורף.

מאטעס דעלאקרוט האָט געזאָגט צו יויזל בראנדײַס.

— שעפּסל געץ, וואָס מע רופט אים פּעטליצער, א היטלמאכער און פּאָזאמענטירער, א שלעפּער אָן כעזקעס האקעהילע. זעכצן מאָל האָט מען אים שוין ארויסגעשיקט פון שטאָט און זעכצן מאָל איז ער צוריק אריַנגעקומען. די כעוורע היטלמאכערס האָבן זיך הרײַ מאָל באקלאָגט בא יעגאָמאָשטש סענדזשיע פּאָדוואָיעוואָדזשינסקי.

— זעכצן מאָל? — האָט שעפּסל געדרייט מיטן קאָפּ און זיך געכידעשט. — איך גיי און זיי ציילן מיר די טריט.

יויזל האָט צו אים שטרענג געזאָגט.

— ועסט נאָכאמאָל צוריקומען, וועלן מיר דיך איבערגעבן צום וואָיעוואָדזשינסקי געריכט. מע וועט דיר אָפּשנײַדן אן אויער און א האנט און עפּשער ביידע.

שעפּסל האָט געלאַזנ באַטראַכט זײַנע הענט. דערנאָכ האָט ער אויפגעהויבנ די אויגנ און פאַרדײַגעט געפרעגט יויזל בראַנדייסנ.

— און אַפ וואָס וועל איכ לייגנ טפילנ, האַ?

ווראָמע דרוקערס האָט אים אַ זעצ געטאָנ אינ אַ זײַט פאַר דער דאָזיקער כוצפע. שעפּסל האָט אומעטיק און מיט פאַרוואורפ געטײַנעט צו יויזל בראַנדייס.

— אַלצ און דער שטאָט געפעלט מיר, אַכוצ דעם דאָזיקנ מאַנ...— ער האָט געוויזנ אַפ ווראָמענ און זיכ געגלעט די זײַט. — וווהינ אײַלט איר מיר פאָרנ, אַה?

יויזל האָט געצויגנ די פּלייצעס.

— ווו דו ווילסט. קיינ סאַנדאָמיר, קיינ פּשעמיש... הי — ניט.

— אַ וווּנדער. פונ סאַנדאָמיר און פּשעמיש טרײַבט מענ מיכ אַהערצו, פונדאַנענ... קיינ סאַנדאָמיר און פּשעמיש. ווער איז גע-רעכט? אַה? הענט וויל מענ מיר האַקנ הי, הענט וויל מענ מיר האַקנ אינ פּשעמיש, הענט וויל מענ מיר האַקנ אינ פּויזנ, ווו נעמט מענ אַזויפיל הענט! — האָט ער זיכ געווענדט צו דעם געבאַפּטנ יינג נעבנ אים. — אָט זײַנענ הענט... ער האָט זיכ פאַרקנוילט בײדע פויסטנ און מיט די בייגדלעכ אַפ אָרויס מיטנ גאַנצנ קויעכ אַ קנאַק געטאָנ ווראָמע דרוקערסנ אינעמ האַנט-רוקנ. דער רעק האָט אים אַ זעצ געטאָנ איבערנ קאָפּ, אַז ער האָט זיכ אַזש פאַרקײַקלט און איז אומגעפאַלנ.

— מאַטעס שרײַבער! — האָט שעפּסל געשריגנ — יויזל בראַנ-דייס איז נישט קיינ היגער, ווייסט ער נישט. אָבער דו ווייסט דאָכ וווייל, אַז איכ בינ הי געבוירנ, און מײַנ טאַטע, מײַנ זיידע זײַנענ געווענ היגע. זאָג אים!

דער שטאָט-שרײַבער האָט זיכ געווענדט צו יויזל בראַנדײַס.

— מ'האָט אים אַ סאַכ מאָל געוואָרנט און ס'האָט גאָרנישט גע-פּויעלט. אינ בעסורעס האָט ער זיכ נישט אײַנגעקויפט, כעזקעס האַ-קעהילע האָט ער שוינ לאַנג פאַרלאָרנ, שמוקלערט און גייט ער בע-סאָד און שעדיקט די פּרײַזנ. מע האָט אים געזאָגט: ווינענ ווינ, אָבער נייענ נישט. שלעפּט ער זיכ מיט רויע געזעלנ, פירט זיכ מיט אַזעס, כויזעקט פונ פירנעמע לײַט און דערצערנט גאָט און מענטשנ.

שעפּסל האָט זיכ אויפגעהעקלט דעמ קאַפטנ און געשאַרט מיט די הענט אַפנ לײַב.

— מאַטעס, שמאַטעס, העלפ מיר אָפּזוכנ דאָס געלט, וואָס כ'האָב

באהאלטנ, וועל איכ יערערנ צאָלנ אונ אויכ דיר מאטאָנעס ווי דו האָסט ליב.

מאטעס האָט זיכ ווידער געווענדט צו יויזל בראנדײַס.

— ערשט נעכטנ האָט ער פארדינט בא א גרויסנ פּאָרעצ אונ געשעדיקט די כעווערישע באלמעלאָכעס.

—א טײַוועלע האָב איכ געשארט פונ דער פּלייצע.

א רעק האָט אימ אראָפּגעצויגנ דאָס שטריימעלע, איבערנ פּאָנעמ. שעפּסל האָט ארײַנגעפּאקט זײַנ ציגנ-בערדל אינ מויל ארײַנ אונ האָט געשוויגנ.

וואָרמע דרוקערס האָט אהערגעשלעפּט פאר די פּלייצעס א בלאסנ אויסגעמאָגערטנ יונג. מאטעס דעלאקרוט האָט וועגנ אימ ארויסגעלייענט פונ געשריפטס:

— ...שראגע רייזלס. נישט קיינ היגער. געווענ א לערנ-יינג באמ אפּטייקער דאָוויד קאליהארי. פונ אָנהייב אָנ האָט ער אפ זיכ גענומענ, טרייפ ווי כאזער, נישט צו זײַנ קיינ אפּטייקער דאָ הי אינ דער שטאָט, אפילע ווענ ער וועט כאסענע האָבנ מיט א טאָכטער פונ אונדזער קעהילע... צוויי הונדערט גילדנ שטראָפ האָט ער נישט באצאָלט, דערצו נאָכ דרייט ער פּילנ פאר געמיינע לײַט, בעסאָד, אונ פאר וואָלוול געלט...

א שנײַדער-יונג האָט נישט געהאלטנ זײַנ היסכײַוועס, צו ארבעטנ די ערשטע צוויי יאָר נאָכ דער לער באמ ערשטנ באלעבאָס, אונ געענטפערט אזעסדיקע רייד סײַ די צעכ-לײַט, וואָס האָבנ אימ דאָס פירגעהאלטנ, סײַ די ראָטמענער, צו וועלכע די צעכלײַט האָבנ אימ געלאָדנ. צוויי נישט-היגע בארבירער-געזעלנ האָבנ נישט געהאלטנ זייער היסכײַוועס, וואָס איז פארשריבנ געוואָרנ אינ פּינקעס, נישט כאסענע צו האָבנ פונ דער שטאָט. אונ דאָס נישט גענוג, האָבנ זיי נאָכ צעטרענצלט אונ געשעדיקט די פרײַזנ קעגנ דעמ באשלומ פונ דער כעווערע, וואָס איז פארשריבנ אינ פּינקעס, אונ גענומענ פאר טרוקענע קעפּזעצנ* א האלבנ גראָשנ אונ פאר אָדערלאָזנ צוויי גראָשנ. דערמיט האָבנ זיי געבראכט שאָדנ די באהאָוונטע היגע רויפימ, וואָס האָבנ געלערנט בא געניטע דאָקטוירימ, צאָלנ שטײַערנ אונ זײַנענ אײַנגעזעסנ אינ קאָהאָל.

עטלעכע פרעמדע לײַט האָט מענ געבראכט פונעמ העקדעש, ווײַל

* באנקעס.

זיי זײַנענ שוינ לאנג געזונט געוואָרנ אונ האָבנ זיכ נישט גערירט פונ דער שטאָט. ווײַטער האָט מענ אהערגעבראכט א מויד מיט א קינד א מאמזער, א לאָטערײַ־האלטער, א קישעפמאכערנ, עטלעכע בעטלערס, דרײַ זווינעס, איינעמ א פארשויי אינ א טערקישנ טורבאנ, וואָס האָט קיינ וואָרט נישט גערעדט, אלצ געוויזנ מיט צייכנס, איז נישט געגאנגענ אינ שול, האָט נישט אָפּגעהיט די יידישע געבאָטנ אונ ס'איז געווענ א ספּעק, צי ער איז א ייד. אפ איינעמ א מענטשנ, א קאמ=מאכער, וואָס קיינ באָרד האָט אימ נישט געוואקסנ, האָבנ צוויי מענטשנ איידעס געזאָגט, אז ער געהער צו דער מישפּאָכע נאָדלערס, וועגנ וועלכע ס'איז געווענ אָנגענומענ, אז איינער פונ זייי־ערע אור־עלטער־זיידעס איז געווענ א מאמזער, דעריבער האָבנ זיי מיט קיינ יידנ נישט געטאָרט כאסענע האָבנ. דער דאָזיקער מענטש האָט זיכ אָבער געשאדכנט צו קעבנס אונ האָט זיי געקאָנט אריינ־ברענגענ אינ טויט-זינד.

צווישנ די פיר רעקנ האָבנ זיכ אָנגעזאמלט אלצ מער אונ מער מענטשנ. זיי האָבנ געפילדערט, געמאכט מיט די הענט, געוואָלט ארויסטרעטנ פונ צווישנ די וואכטערס אונ זיכ אויסטײַנענ מיטנ עלטסטנ יויזל בראנדייס. די רעקנ האָבנ זיי אָבער נישט געלאָזט אונ אנטקעגנגעשטעלט קעגנ זיי די העלעבארדעס.

די רעקנ האָבנ דאָס גאנצע הײַפעלע מענטשנ אָפּגעפירט אינ דער טפיסע. יויזל אונ דער שטאָט־שרײַבער זײַנענ פונ דער זײַט נאָכגעגאנגענ אכטונג צו געבנ, אז אלצ זאָל זײַנ ווי ס'קער צו זײַנ.

אפנ וועג האָט זיי אָנגעיאָגט א פינפטער רעק, נאפטאָלע בעט־לער, אונ האָט געהאלטנ באמ ארבל א יונג מיידל, אנ אויסגעפוצטס אינ שאלנ אונ אינ רויטע סאפיאנענע פאנטאָפעלעכ מיט זילבערנע שפאנגענ. דאָס פּאָנעמ האָט זי זיכ פארשטעלט מיט א זײַדנ טיכעלע.

ווראָמע האָט זי טייקעפ דערקענט. דאָס איז געווענ דאָבריש יוז=פעס. ער האָט גיכ עפּעס אײַנגערוימט יויזל בראנדײַסנ אינ אויער.

יויזל האָט דעמ אָנגעקומענעמ רעק בייז געפרעגט.

— וועמענ האָסטו געבראכט?

— א פארשײַטע קעכנע.

יויזל האָט צאָרנדיק א מאכ געטאָנ מיט דער האנט.

— רעדסט אזעס. ס'איז די אלמאָנע פונעמ קאָדעש רעב אווראָ=אָמ דעמ קלעזמערס. ווער האָט דיכ געהייסנ?

— איר האָט מיכ געהייסנ.

יויזל בראַנדייס האָט זיך פֿאַרכידעשט.

— איך?

— טאַקע. אַ מעשׂאָרעס האָט מיר געבראַכט אין ראַטהויז דעם באַפֿויל. דער מעשׂאָרעס האָט געזאָגט דעם עמעסן וואָרט־צייכן.

יויזל בראַנדייס האָט זיך געכאַפּט, אַז דאָ שטעקט די האַנט פֿון קאַלעוו אַשקענאַזי. ס'איז נישט געווען דאָס ערשטע מאָל, אַז קאַלעוו אַשקענאַזי האָט אָפּ אַזאַ אופֿן געשטאָכן בעגדיט סירקיסן. יויזל האָט שוין גאַרנישט מער געפֿרעגט, אָפּגענומען דאָס מיידל בײַ נאַפּטאַלי בעטלער און זי געפֿירט אַהיים צו בעגדיט סירקיס. וו"ראַמע דרוקערס איז צוגעגאַנגען צום שטאָט־שרײַבער אָפּן אָרט פֿון יויזל בראַנדײַס אַכטונג צו געבן, אַז אַלץ זאָל גיין ווי ס'קער צו זײַן.

# נײַנטער קאפיטל

שווינ עלפ טעג האָבנ די פויערימ מאטשיי אונ וויטשעכ ארומגעבלאָנדזשעט איבער דער שטאָט, נאָכגעפרעגט זיכ אפ שיארקי, אָבער קיינער האָט זיי נישט געוווּסט צו זאָגנ.

ביז זיי האָבנ זיכ אָנגעשלאָגנ אפ אַנ אַלטנ בעטלער, וואָס האָט געקנית נעבנ דעמ קאָשטשיאָל שוויענטי אנני. זיי האָבנ דעמ בעטלער אלצדינג דערציילט, וועגנ זונטיק נאָכ דער משא, וועגנ פּאוועל קענדזשיאָר, וועגנ די צוויי געפּיגערטע פערד אונ וועגנ דער ווײַסער העק. דער בעטלער האָט זיכ געקראַצט דעמ קאָלטנ פונ דער באָרד.

— שיארקי? ווער איז ער, דער שיארקי?

— דאָס איז עס דאָכ, פּאָטערל, אימ צו בעטנ גנאָד...

דער בעטלער האָט א ווײַלע נאָכגעטראַכט אונ פּלוצעמ איז אימ עפּעס אײַנגעפאַלנ.

— איז עס ניט דער אַרענדאַזש?

— יאָ, — האָט זיכ וויטשעכ דערפרייט איבערנ געפונענעמ וואָרט — אזוי האָבנ זיי דאָרט געזאָגט באַמ יאשניע פּאַנ פּזשעמאָוויטש. אַרענדאַזש.

— נו, איז עס א ייִד.

— יאָ, דער ייִד, האָט מענ דאָרט געזאָגט.

פונ דער יעזויִטישער בורסא פּילאָזאָפאָרומ האָט זיכ א שיט געטאָנ א כאָפּטע זשאַקעס מיט טעפּעלעכ אינ דער האַנט אויסצובעטלענ געקעכצ אפ מיטאָג בא די פאַרמעגלעכע שטאָטערס.

— הײ, פּאָולע, — האָט דער בעטלער א געשרײ געטאָנ צו די יונגענ. טײקעפּ איז צו זײ צוגעקומענ א הויכער זשאק, מיט פּוכקע שוואַרצע הערעלעך אפּ די באַקנ לעבנ די אויערנ. ער איז געווענ עלטער ווי די איבעריקע זשאקעס, בעסער פּונ זײ אָנגעטאָנ און האָט עפּעס פּרעמדלעך אויסגעזענ.

— צומ קאַזובאַלעצ ביסטו געווענ בא די יידנ אפּנ קאַזימיעזש?

— געווענ.

— דער רײַכער שיאַרקי, ווער איז דער ייד?

— שיאַרקי?.. סירקימ, נישט שיאַרקי, בענדיט סירקימ, — האָט דער זשאק געלאַכט.

— שיאַרקי צי סירקימ... אײנ הונטיש בלוט.

דער זשאק האָט דעמ בעטלער א שטופּ געטאָנ און איז אוועקגע-לאָפּנ. דער בעטלער האָט אפּ אימ געוואָרקעט און געזאָגט.

— אלײנ פונ יאַקאָבס זאָמענ. נאָכ נישט קײנ זעקס כאָדאָשימ ווי ס'איז געווענ זײַנ קוזשעסט.

— סירקימ... — האָט וויטשעכ איבערגעכאַזערט. — טאַקע סיר-קימ, האָט מענ דאָרט געזאָגט.

— דער שטינקיקער יודאַש, שיקט ער דאָס אײַכ אפּ אומקומ? גיט אימ אײנס אינ זאָדעק און מיר א גראָשנ וועט אײַכ פּאַננא מאַ-ריא העלפּנ.

— וואָס אינ זאָדעק, — האָבנ זיכ די פּויערימ דערשראָקנ — אונטערטעניק בעטנ, ער זאָל האָבנ גנאָד...

— גייט דורכ ראָגאַציקע ארויס צומ טויער, אפּנ קאַזימיעזש אינ דער יידנ-שטאָט וועט איר זיכ שוינ גרינג דערפרעגנ. און מיר גיט א גראָשנ...

— גאָט באַצאָל דיר, גאָטס מענטש, קײנ גראָשנ האָבנ מיר נישט, דער קלעריק האָט שוינ אלצדינג צוגענומענ.

— זאָל אײַכ גאָט די קישקעס פּאַרשטאָפּנ אָנגע... דרינדעס! — דער בעטלער האָט זײ נאָכגעשאָלטנ, געפּאָכעט מיט דער פּויסט, צו-ריק אנידערגעקניט באַמ טויער פונ קאָשטשיאָל און אָנגעהויבנ פּרעפּ-לענ געזאַנגענ.

די פּויערימ זײַנענ געגאַנגענ דעמ וועג, וואָס ער האָט זײ געוויזנ. מע האָט אָבער גראָד פּאַרמאַכט די שטאָט-טויערנ און די וואַכטערס האָבנ זײ צוריקגעטריבנ מיט זײערע העלעבאַרדעס. די פּויערימ האָבנ

זיכ ארײַנגעלייגט אינ א רייו ניט ווײַט פונ טויער און דורכגעשלאָפּנ די קורצע זומער־נאַכט.

האָס קריצנ פונ די טויערנ באַמ עפענענ האָט זיי אופגעוועקט פונ שלאָפּ. זיי זײַנענ טייקעפּ ארויס. אינ דער יידנ־שטאָט האָבנ זיי זיכ ווײַטער פּאָרזיכטיק נאָכגעפרעגט. יעדעס מאָל האָבנ זיי גענומענ דער־ציילנ, אָנהייבנדיק פונ זונטיק נאָכ דער משא. אָבער באַלד האָט דער הערער אויסגעשפּיגנ אונ איז אוועק מיט זידלערײַענ.

— א בראַנד אינ זייערע גראָבע וויהייסטמענעס...

— צו אײַזלענ געגליכנ...

זיי זײַנענ געגאַנגענ דורכ די שמאָלע הויכע פּאַרטוּקלטע געס־לעכ, ביז זיי זײַנענ ארויסגעקומענ אפּ א ברייטנ פּירעקיקנ פּלאַצ מיט הויכע הײַזער, געלע אונ גרויע פונ זונ אונ אַלטקײַט, מיט אויסטערליש גראָבע ווענט אונ פּאַרגראַטעטע פענצטערס. א דורכגייער האָט זיי אָנ־געוויזנ אפּ בענדיט סירקיסעס הויז קעגניבער דעמ יידישנ ראַטהויז.

עטלעכע ברייטע טרעפּ האָבנ ארופגעפירט צומ טויער, וואָס איז נאָכ געווענ פּאַרמאַכט. די פויערימ האָבנ זיכ אַנידערגעזעצט אפּ די טרעפּ וואַרטנ. טייקעפּ האָבנ זיי ארומגערינגלט נײַגעריקע קינדער.

פונ בענדיט סירקיסעס הויז האָט מענ דערזענ די צוויי פויערימ אונ דעמ אָנגעלויפּ ארומ זיי. בענדיט סירקיס האָט אראָפּגעשיקט זײַנ וואַכטער בעמיע בעטלער, אויסצופרעגנ וואָס דאָס איז אַזוינס. בעמיע בעטלער האָט זיי צו אימ ארופגעבראַכט. בענדיט סירקיס האָט געזעסנ דורכנ פענצטער, אַז פּאַרבײַגייערס ווײַזנ אפּ זײַנ הויז אונ שמועסנ זיכ לעבעדיק דורכ.

די פויערימ האָבנ זיכ טיפּ פּאַרנייגט אונ דערבײַ געקערט דעמ פּאָל מיט די בראַנקעווע קוטשמעס. מאַטשיי האָט זיכ אָנגענומענ מיט מוט.

— פונ דער גמינע, דער גאַנצער גראָמאַדע, זונטיק באַמ קלויסטער נאָכ דער משא, הער ייד גנאָדיקער... — אונ ווײַטער זיכ געבויגנ אונ געקערט דעמ פּאָל מיט דער קוטשמע.

— וואָסער גמינע? — האָט סירקיס בייז געפרעגט.

— די זשופּניקעס, אַלע, די האַקערס, שטויסערס, שטיגאַרעס...

מאַטשיי האָט זיכ צעטומלט פונ בענדיט סירקיסעס בייזנ געשריי. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעהויבנ ווײַטער ריידנ אונ דערבײַ אָבער בלויז געמאַכט מיט די ליפּנ.

— וואָס דאַרפט איר?

ווייטשעק האָט אַ שטויס געטאָן מאַטשיען. מאַטשיי האָט צו־נויפגעצויגן דעם שטריק אַרום דער סוקמאַנע און זיך געשטעלט פון איין פוס אויפן צווייטן.

— ...אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט פּאַוועל קענדזשיאָר, וואָס האָט כאַסענע געהאַט מיט דער געשטופּלטער זאָשקע און געקויפט די לאַמע קו. זאָגט מען אים: קויף נישט די קו, זי הינקט און דאָס געלענק איז איבערגעבראָכן. ער אָבער... אַלץ דאָס זייניקע... — און דאָ האָט דער ייִד נאָך צוגערעדט, פּשיטא יוכא...

סירקיס האָט בייז איבערגעהאַקט.

— וואָס ווילט איר דאָ?

זיי האָבן ביידע צעטומלט געשוויגן.

— צו וועמען זייט איר געקומען?

— צום ייִד סירקיס, דאָבראָדזשיי אונדזערער...

— פאַרוואָס צו אים?

— צו אונדזער דאָבראָדזשיי אונדזערן...

— וואָס ווילט איר פון אים?

— פון וועגן דער ווייסער העק, דאָבראָדזשיי אונדזערער... האַקסט מיטן קילאָף און דאָ טר־ר־ר־ראַך! ס'האָט זיך צוגערעדט און באַגראָבן, אַפילו יעזוס מאַריאַ נישט קיין צייט אויסצושרייען... בעטן מיר זיך בײַ די וואַרצאַוונעס, שיקן זיי אונדז צום סעניאָר. זאָגן מיר אים, זעסט דאָך, פּאַניע דאָבראָדזשיי, גנאַדיקער, סאַראַ לייד... לאָז זי אָפּ, זאָגן מיר אים. ער אָבער ניין און ניין און רופט אַרויס גאָטס שטראָף.

— ווער האָט אײַך צו מיר געשיקט?

די פּויערים האָבן זיך ווידער צעטומלט.

— ע־ע־ע... צו אונדזער דאָבראָדזשיי אונדזערן...

— ווער האָט אײַך צו מיר געשיקט? — סירקיס האָט אָנגעהויבן צו שרייען און צוווישן דאָס פּנים מיט דער פּאַטשיילע.

— די גמינע באַם קאָשטשיאָל זונטיק נאָך דער משא.

— ווער האָט געזאָגט, אַז צו מיר?

— צו אײַך, צו אײַך, דאָבראָדזשיי אונדזערער... — האָבן זיי אויסגעמיטן צו ענטפערן אויף וואָס ער האָט געפרעגט.

יויזל בראַנדיים איז אַרײַנגעקומען אין שטוב און האָט זיך שווײַגנדיק צוגעהערט. בענדיט סירקיס האָט זיך שטרענג צו זיי געווענדט.

— נישט צו מיר, פּויערים, די שופּעס זײַנען דעם אַלערליכטיקסטן

האר קיניגס. ער האָט זיי אָפּגעראַדונגען דעם יעגאָמאָשטש הראַביאַ וואַלענטי גולוויעץ. איך קויף בלויז זאַלץ באַם פּאַן הראַביאַ גולוויעץ.

— די העק קרישלט זיך... וויפיל מע סטעמפּלעוועט נישט, זי ברעקלט זיך, דאָבראָדזשיי אָנגדזשערער.

— זאָג איך האָב אײַך, צו הראַביאַ גולוויעץ גייט.

— שוין זעכצן מענטשן האָט זי דערהאַרגעט.

סירקיס האָט אַ זעץ געטאָן אין פּאָל מיטן פֿוס.

— צו הראַביאַ גולוויעץ!

זיי האָבן זיך דערשראָקן אָפּגערוקט, געבויגן זיך, געקערט מיט די קוטשמעס דעם פּאָל און זיך געשאַרט אָפּ צוריק.

סירקיס האָט געהייסן כעמיע בעטלערן, וואָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען בײַ דער טיר, ער זאָל זיי פֿירן אין קיך און מע זאָל זיי דאָרט געבן עסן. טייקעף דערנאָך האָט ער געהייסן איינעם פֿון די פּויערים צוריק אַרײַנרופֿן. בלויז איינעם. ס׳איז אַרײַנגעקומען וויט־טשעך.

— קינדער האָסטו?

— דרײַ, דאָבראָדזשיי אָנגדזשערער.

— נאָ דיר צוויי גילדן, וועסט זייערטוועגן קויפֿן היטלעך.

דער פּויער האָט זיך פֿאַרנייגט און געדאַנקט.

— טשיעשלער־אַרבעט קענסטו?

— ווי אַנדערש? נאָך דער סרייפּע, ווען ס׳איז אַ גאַנץ יאָר גע־גאַנגען פֿײַער און רויך פֿון דער זשופּע, האָב איך דאָך גאָר דערפֿון געצערט, וואָס איך האָב אין דאָרף בײַ כאַטקעס געטשיעשלערט.

— וועסט דאָ בלײַבן אַ שטיקל צײַט און פֿאַריכטן די טרעפּ, די בעלקעס אויפֿן בוידעם און אַלץ, וואָס מע דאַרף.

וויטשעך האָט זיך געקראַצט באַם קאַרק.

— וויפיל קריגסטו אין זשופּע געצאָלטס?

— דרײַ גילדן זעכצן גראָשן אַ כוידעש.

— וועסט דאָ באַקומען זיבן.

— מע צאָלט מיר דאָס אויס יעדע וואָך.

— יעדע וואָך. שלאָפֿן וועסטו אין שטאַל, עסן פֿון מײַן קיך. — דער פּויער האָט זיך געאַמפּערט:

— און די ווײַסע העק... וויפיל מע זאָל זי נישט אונטער־סטעמפּלעווען, דאָבראָדזשיי אונדזערער...

— דזשומע דו, פֿאַרשטונקענע!.. — סירקיס איז שוין אָפּ אַן

עמעס איז קאָם געוואָרן און מיט דער פאַרקנוילטער פּאַטשיילע גע־דראָעט דעם פויער. — וואָס ברײַעסטו מיר דאָ מיט דער גמיגע?.. גע־זאָגט האָב איך דיר: צו הראביא גולוויעץ!

וויטשעק האָט זיך נאָך אַלץ געקווענקלט און באַטראַכט. סירקיס האָט נישט רירנדיק זיך פונעם אָרט אױפגעהויבן זײַן אויבערקערפּער, און אַ פּאָכע געטאָן מיט דער האַנט ווי אַ פויערטע, אַז זי וויל פונ־דערווײַטנס אָפּטרײַבן אַ דערקוטשענדיקע הון.

— אַוועק!

וויטשעק האָט געמאַכט אַ טריט צו דער טיר. ער האָט זיך אָבער טייקעף צוריק אויסגעקערעוועט.

— גוט, האָבראָדזשיי, איך וועל בלײַבן.

— דרײַ כאַראָשים.

— דרײַ כאַראָשים.

כעמיע בעטלער האָט דעם פויער אָפּגעפירט צוריק אין קיך. בײַ דער טיר האָט וויטשעק עפּעס באַטראַכט און געפרעגט.

— מאַטשיי וועט אויך בלײַבן?

— מאַטשיי קאָן אויך בלײַבן.

די פויערים האָבן אין קיך אָפּגעגעסן. וויטשעק האָט מאַטשייען דערציילט. מאַטשיי האָט געגעסן, געווישט די וואָנצעס, געקוקט אין אַ זײַט און געשוויגן. דערנאָך איז ער אויפגעשטאַנען, האָט אַ צי געטאָן די פּלײצעס, אויסגעשפּיגן, אָפּגעווישט דאָס מויל מיטן אַרבל און אָנגעצויגן דעם שטריק אַרום דער סוקמאַנע.

— איך גיי אַהיים אין דאָרף.

וויטשעק איז צוריק אַרײַן צו סירקיסן. פאַר דער טיר האָט ער זיך גיך איבערגעציילעמט. ער האָט אַנידערגעלייגט די צוויי גילדן אויפן טיש, זיך טיף פאַרנייגט און טייקעף זיך אויף צוריק גערוקט צו דער טיר.

די פויערים זײַנען גיך אַראָפּ פון די טרעפּ און זײַנען אַרויס פון בענדיט סירקיסעס הויז. כעמיע בעטלער איז זיי פונדערווײַטנס נאָכ־געגאַנגען.

---

ווען די פויערים זײַנען אַרויס פון זײַן הויז, איז בענדיט סירקיס געבליבן זיצן אויף זײַן שטול, וואָס איז קיינמאָל נישט געשטאַנען נעבן אַ טיש, נאָר שטענדיק ערגעץ־ווו צופעליק, קימאַט אינמיטן

שטוב. די אופגעווירענע פיס, וואָס האָבנ פעט ארויסגעפראלט פונ די ענג־געפאסטע פאנטאלאָנעס, האָט ער געמוזט האלטנ ווייט צעשפרייט. ער איז געווענ א נידעריקער, געפאקטער מענטש, אונ האָט זיך גישט גערנ גערירט פונעם אָרט. ער האָט אָבער, ווענ ער איז ארייננ אינ קאַס, גענקוענט אופשפרינגענ אונ זיך באוועגנ א סאך גרינגער, ווי מע וואָלט זיך פונ זיינ שווערקייט געקאָנט ריכטנ.

בראנדייס האָט א זאָג געטאָנ.

— מע האָט נאָך אלץ נישט געפונענ דעמ יאנ פּאָקזשיווא, וואָס האָט פאר צוויי יאָר אונטערגעצונדנ דאָס היי אינעמ בארגווארג. דעמלט האָט זיך עס אויך אזוי אָנגעהויבנ.

סירקיס האָט פאמעלעך אונ פויל אהינגעקערט דעמ קאָפּ צו יויזל בראנדייס.

— סע האָט זיי אָפּגעלערנט. א גאנצ יאָר זיינענ זיי ארומגעגאנ־ גענ ליידיק.

— יאנ פּאָקזשיווא בלאָנקעט זיך די גאנצע צייט ארומ וויעליטש־ קע, וווינט אפ די קזשעמיאָנקעס אינ א הייל. פּופּציק גילדנ איז אויס־ געשריבנ אפ זיינ קאָפּ, אונ קיינער גיט אימ נישט אויס.

סירקיסעס ברייטביינ־יק פּאָנעמ איז געוואָרנ טונקעלער. ער האָט בארויגעז אוועקגעקוקט.

בראנדייס:

— די קינדלעכע האכנאָסעס האָבנ דעמלט געהאט גוואלדיקע שאָדנס.

סירקיס איז גיך אופגעשטאנענ אונ צו אימ צוגעלאָפנ. ער האָט א פּאָכע געטאָנ קימאט פאר זיינ נאָז מיט די קורצע אופגעווירענע פינגער.

— זאלצ איז דעמלט טייערער געוואָרנ אפ דאָפּלט, אפ דריי מאָל. איך האָב איבערגענומענ ריזיקע סקלאדעס פול מיט זאלצ. וועלנ ברענענ די גרובנ — וועט וואקסנ דאָס זאלצ אינ די סקלאדעס. זיך וועלנ זיי אָנברענענ.

— אייך.

— אה?..

— זיי גייענ אומעטומ ארומ אונ דערציילנ. איצט וועלנ זיי זיך נאָכפרעגנ נאָך וואלענטי גולוויעצ. יעדנ פארבייגייער דערציילנ זיי מייסעס.

סירקיס האָט אפ אימ א קוק געטאָנ מיט קאַס, גלייך בראנדייס

וואָלט דאָ געווענ דער שולדיקער. ער איז צוגעלאָפנ צומ טיש, האָט עפּעס צעטראָגנ געזוכט מיט די אויגנ, געכאַפּט א בויגנ פּאַפּיר, וואָס איז דאָרט געלעגנ, און האָט זיכ אַוועקגעזעצט אפ אנ אַנדערנ שטול, וואָס איז אויכ געשטאַנענ אינ א זײַט, צופעליק, קימאַט אינמיטנ שטוב. ער האָט קלוימערשט אַרײַנגעקוקט אינעמ פּאַפּיר און פונ דאָרט אַרויסגעזאָגט מיט אנ אומגעדולדיק-בייזער באַוועגונג.

— צו וואָס דרייענ זיי זיכ אינ שטאָט? זאָלנ זיי זיכ נישט דרייענ. — און ווײַטער אַרײַנגעקוקט אינ בלאַט אַרײַנ.

יויזל בראַנדיים האָט זיכ צופרידנ אופגעשטעלט, ווי ער וואָלט סאַפּקאָלסאָפּ דערהערט דאָס, וואָס האָט שוינ לאַנג געדאַרפט געזאָגט ווערנ.

— וואָרעמע דרוקערס? — האָט ער לאַקערנדיק און פּאָרזיכטיק געפרעגט.

בענדיט סירקיס האָט זיכ געווישט דאָס פּאָנעמ, פּאַרטיפט זיכ אינעמ בלאַט און גאָרנישט געענטפערט.

יויזל בראַנדיים האָט זיכ אויסגעקערט צו דער טיר און איז טיי-קעפ אַוועקגעגאַנגענ.

# צענטער קאפיטל

דעמ זעלבנ טאָג באלד נאָכ דער מאָלצײַט האָט שוינ בענדיט סירקים אפ גאָרנישט מער געוואָרט און איז ניט געבעטנערהייט געקומענ צו קאָלעוו אשקענאזי.

דער זאָקנ איז געשטאנענ פאר א ברייטנ געשניצטנ שטענדער, אפ וועלכנ סע זײַנענ געלעגנ פאפירנ און פענעס, א גראָבער פאָליאנט און א זיגל. קאָלעוו אשקענאזי האָט עפשער גראָד געשריבנ אינ זײַנ פילאָסאָפישנ ווערק וועגנ דער באשאפונג פונ דער וועלט, אָדער ער האָט פארפאסט איינעמ פונ זײַנע געלערנטע ענטפערנ אפ די אויס-געקינצלטע פאלנ, וועגנ וועלכע מע האָט דעמ מאכטיקנ גוויר און בא-רימטנ בוכ-געלערנטנ אָנגעפרעגט פונ דײַטשלאנד און פראנקרײַכ, פונ טערקײַ און איטאליע.

סע פלעגט זיכ אויכ טרעפנ, אז ס'איז אימ אויסגעקומענ צו ענט-פערנ אפ לאטײַנישע בריוו פונ קריסטלעכע געלערנטע סכאָלאסטיקער און טעאָלאָגנ. די שפראכ האָט ער פארשטאנענ, אָבער ענטפערנ פלעגט ער לאָזנ איבערזעצנ פונ איינעמ א קלעריקער, אנ אנטלאָפענעמ מאָ-נאכישנ שלעפער, וואָס האָט בא אימ געדינט פאר אזעלכע און אויכ אנדערע זאכנ.

און עפשער גאָר האָט ער איצט געשריבנ זײַנ גרויסנ בוכ „די זיבנ רערנ פונעמ לײַכטער", ווו סע זײַנענ געווענ אינ זיבנ טיילנ גע-זאמלט אלע אָנפראגנ און ענטפערנ, און וואָס אינ אָפשריפטנ האָבנ זיי געהאט א גאנג צווישנ זײַנע צאָלרײַכע באוונדערער. ווי נאָר

בענדיט סירקיס איז ארײַנגעקומען, האָט קאַלעוו אשקענאַזי טײקעף צוגעדעקט די אַלע געשריפטן מיט א זײַדן טיכל.

ווײַבל באַס האָט גיך אָפּגערוקט דעם שטענדער אײנײַעם מיט די פּאַפּירן אין א ווינקל פון גרויסן פּאַקוי. קאַלעוו אשקענאַזי האָט זיך אוועקגעשטעלט הינטער דעם הויכן אָנלען פון זײַן שטול און זיך אָפּ אײם אָנגעשפּאַרט מיט בײדע עלנבויגנס. ער האָט געוויזן זײַן אומצופרידנקײט מיט בענדיטס אומגעריכטן קומען.

ווײַבל באַס האָט ארײַנגעבראַכט אָף א צינערנעם טעצל צוויי בעכערס געשניצטע פון האָרן און אָנגעגאָסן ווײַן פון א פּאַשעטער בוטל. ער האָט אויך אוועקגעשטעלט א טעלערל מיט ברויגלעכן לעבקוכן.

סירקיס האָט פון קאָוועד וועגן צוגעפירט דעם בעכער צו די ליפּן. קאַלעוו אשקענאַזי האָט קרומלעך אָף אים געקוקט און באַרויגעז געוואָרטשעט.

— זויער...

סירקיס האָט עפּעס געברומט. קאַלעוו אשקענאַזי איז אָבער פּלוצעם געוואָרן אין כּאַס און געקרעכצט, קימאַט געשריגן.

— זײער זויער! שוין גאָר זויער.

סירקיס האָט מיט פּאַרדראָסיקן אײמפּעט אוועקגערוקט דעם בעכער מיטן קוכן און גיך געזאָגט.

— גישט איך האָב געדונגען די באַרג־וואַרג פון וויעליטשקע און באָכניע. נישט איך.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט ארופּגעצויגן די לאַנגע גראָוולעכע ברעמען, האָט אָף אים א קוק געטאָן און טײקעף זיי אראָפּגעלאָזט. ער האָט אויסוואַרטנדיק געשוויגן. סירקיס האָט ווײַטער גערעדט.

— געדונגען האָט זיי באַם קיניגלעכן שאַפער דער הראַביא וואַלענטי גאָלוויעץ פאַר זיך און באַפּולמאַכטיקטע צו טאָן דערמיט וואָס ער וויל.

— גאָלוויעץ, — האָט קאַלעוו אשקענאַזי איבערגעכאַזערט.

— ...דעם הראַביא גאָלוויעץ האָב איך געליגן זעקס און צוואַנציק טויזנט רײַכסטאָלער אָן וואָכער. ביכלאַל אָן וואָכער.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט געשוויגן.

— ...דעם קיניג האָב איך צוגעזאָגט א האַלוואָע צען טויזנט דוקאַטן צו אכט פון הונדערט וואָכער...

קאַלעוו אשקענאַזי האָט ארײַנגעטאָן דעם קלײנעם פינגער אין

אויער ארײַנ, האָט א לײַכטנ טרייסל געטאָנ, זיכ פארטראכט אונ איז געבליבנ אזוי שטײַנ מיטנ פינגער איגעמ אויער.

— ...וואלענטי גולוויעצ האָט מיר אָפּפארדונגענ אלע זײַנע רעכט אפ די בארגוואהנ פאר פינפ אונ צוואנציק טויזנט אכט הונדערט רײַכסטאָלער.

קאָלעוו אשקענאזי האָט פאמעלעכ ארויסגענומענ דעמ פינגער פו־נעמ אויער אונ געוואָרטשעט.

— גולוויעצ...

סירקיס האָט אויסוואַרטנדיק געקוקט אפ קאָלעוו אשקענאזינ. דער זאָקנ אָבער האָט געשוויגנ, אנגעהויבנ צו זשמורענ די אויגנ, ווי סע וואָלטנ זיכ אימ שטייענדיקערהייט אָנגעהויבנ קלעפנ די אויגנ אפ א נאָכמיטאָגדיקנ דרעמל.

---

סירקיס האָט זיכ הילפלאָז אומגעקוקט, געסאָפּעט מיט א קורצנ אָטעמ אונ געווישט זיכ אונטערנ היטל דעמ אָפּגעגאָלטנ שארבנ אונ די פעטע קנייטשנ ארומ האלדז. מיטאמאָל האָט ער זיכ מיט אנט־שלאָסנקײַט ארויסגעכאפּט.

—איכ וויל אָפּגעבנ די העלפט אפ גלײַכע שוטפעס.

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ א לײַכטנ ריר געטאָנ, אָבער צוריק פאמעלעכ פארמאכט די אויגנ אונ געשוויגנ.

— אײַכ.

— פארוואָס? — האָט קאָלעוו מיטאמאָל וואכיק אונ מונטער גע־פרעגט.

— די האלוואָע דעמ קיניג איז מיר גרויס אונ אויכ די פאכט איז מיר אלײנ צו שווער.

קאָלעוו אשקענאזי האָט לײַכט געוויגט דעמ קאָפּ מיט א העפלעכ־צווייפלענדיקנ שמייכעלע אפ די ליפנ.

— אײַכ צו שווער.

סירקיס האָט דעמ פרײַנטלעכנ סאָפּעק אוועקגעפּאָכעט מיט די פינגער, ווי אנ איבעריקע זאכ, וואָס ער דארפ זי איצט אלציינס ניט האָבנ. קאָלעוו אשקענאזי האָט פרײַנטלעכ מיטפילנדיק געשייצעט:

— דאָס גאלאָכעס, די פראנציסקאנער וועלנ גערנ לײַענ.

סירקיס האָט פארדראָסיק אוועקגעקוקט איג א זײַט אונ פונ אומ־געדולד אָנגעהויבנ צו סאָפּענ מיט א קורצנ אָטעמ. קאָלעוו אשקענא-

זי האָט אים דערפירט דערצו, אַז דאָס, וואָס ער האָט פריִער מיט אַלע מיטלענ זיכ באַמיט אויסצומײַדנ, האָט ער איצט געהאַלטנ פאַר אַ גרויסנ גליק. איצט האָט זיכ קאָלעוו אַשקענאַזי גאָרניט געדאַרפט אײַלנ. סירקים האָט אַפ זײַנ אײַצע ניט געענטפערט. ער האָט באַרויִקעזלעכ אָנגעהויבנ אויסצורעכענענ.

— די פאַכט גיט דאָס רעכט אויכ צו אײגענעמ האַנדל און שוט־פעמ און סקלאַדעס פונ זאַלצ אינ גרויספּוילנ, קלײנפּוילנ און מאַזאָוויע, אַרויסצופירנ זאַלצ אויכ אינ אַנדערע לענדער, אופצושטעלנ שותּפים, באַפולמאַכטיקטע און זײַערע באַפולמאַכטיקטע, ייִדישע, שטאָטישע אָדער פּריצישע סאָכרים אַפ צו מאַכנ די דאָזיקע געשעפטנ.. גאַנצע צענ יאָר.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט געשוויגנ.

— דער געאָמעטער מאַרטינ שוועד האָט אויסגערעכנט פינפ הונדערט טויזנט צענטנער אַ יאָר פאַר וויעליטשקע, הונדערט פופציק טויזנט פאַר באָכניע. אינ וויעליטשקע אַרבעטנ טויזנט און אַכצנ פויערימ פונ די נאָענטע דערפער, אינ באָכניע דרײַ הונדערט....

— און גולוויעצ?

— ער האָט מיר אָפּפאַרקויפט און פאַרדינט צוויי הונדערט טאַלער.

— ער האָט באַקומענ?

— באַקומענ און זיי מיר צוריק אָפּגעגעבנ.

— פאַרוואָס?

— איכ ווייס ניט.

— איר האָט זיי צעטיילט?

— נאָכ ניט.

— פאַרוואָס?

— איכ האָב פריִער געוואָלט רײדנ מיט אײַכ.

— צעטיילט!

— איר גייט אײַנ?

— צעטיילט.

— וועמענ?

— אַלמאָנעס, יעסוימים, לאַמדאָנים, יויזל בראַנדײַס, טאָדרעס מײַזלס און נאָכעמ בעטלערס זונ: קאַלמענקע בעטלער, לייווי בעטלער, הירצ בעטלער, מעשולעמ בעטלער.

— איר גייט אײַנ?

— וואָס האָט איר געוואָלט זאָגן?

— גאָרניט. ער איז שוין לאַנג אַזאַ, אַז וואָס איך זאָג אים, פֿאָלגט ער.

אַשקענאַזי האָט אויף אים שטרענג און אײַנדרינגלעך געקוקט.

— גאָרנישט?

— ניין.

אַשקענאַזי האָט געדרייט מיטן קאָפּ.

— זײַן עלטער־עלטער זיידן יאַן הלאָוועטש אָדער הוליי־וויעץ, אַ רײַכער גראָף, אַ פֿאַרטריבענער פֿון בעמען, האָט דער קיניג, דער־ציילט מען, געלאָזט קעפּן פֿאַר בעמישער הערעזיע. זײַן זיידע יאַן נער פּאָמוק גולוויעץ האָט פֿאַרשווענדט אַ ריזיקן פֿאַרמעגן, איצט שווײַגט ער שוין צוואַנציק יאָר און דאָס גלאָכעס הווידעפּט אים נאָך אַלץ פֿאַר זײַנע כוחוֹעס און פֿאַר אַזעסדיקע רייד. אין דער יוגנט האָט ער מיך נישט ווייניק געמוטשעט מיט וויכּוחים...

בענדיט סירקיס האָט באַרויִקנדיק געמאַכט מיט דער האַנט. קאָלעוו אַשקענאַזי האָט פֿאַרזשמורעט די אויגן.

— ...וואָלענטי גולוויעץ... אין זײַן מויעכ פּיקן געשוואָלענע מיקן... ער האָט פֿאַרהוליעט זײַן האָב בײַזן העמד, האָט זיך צעקריגט מיטן פּריצישן גײַעס, רייצט זיך מיטן גלאָכעס און אַלע האָבן אים פֿײַנט. ידו בכל ויד כל בו *... צו ווייסט איר, אַז אַנומלט האָט ער צו מיר אין שטוב געבראַכט דורך זײַנע דינערס צו טראָגן אין אַ בעטל זײַן בעלעמטן זיידן פֿאַר אַ מאַשקן, און צוגעזאָגט רײַכע געווינסן און שוט־פֿעס פֿון גרויסע געשעפֿטן?..

בענדיט סירקיס האָט זיך צעטומלט.

— ...וואָס איז די מער?..

— האָב איך אים געשיקט צו אײַך... — קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זיך אַ גלעט געטאָן איבער די אויגן, נישט צו ווײַזן זײַן שאָדנפֿרייד און נישט צו קוקן אויף סירקיסעס צעטומלונג. — איין ייִדישן נעפֿעש האָט שוין דער אומווערדיקער גוילעם געבראַכט פֿון דער וועלט... היט זיך...

בענדיט סירקיס האָט אַ רעגע נאָכגעטראַכט, קענטיק זיך געשלאָגן מיט דער דייע, און באַלד האָט ער אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן:

— ער איז זײַט איירנעכטן אין אָלקוש, פֿירט וואַסער און האַקט האָלץ. קליינע קינדער וועלן אים נאָכלויפֿן, ווי אַ שטאָט־נאַר...

* ער שלאָגט זיך מיט אַלעמען און אַלע שלאָגן זיך מיט אים.

— היט זיך! די גאַנצע קעהילע קאָן ברענען פון אַזאַ וואַסער־טרעגער.

— ס'איז באַוואָרנט...

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט זיך אַוועקגעזעצט אין שטול, אַרײַנגעלייגט די הענט אין שויס און זיך מיט אַ געמיטלעכן שמייכל אָנגעבויגן צו סירקיסן.

— יאָ. נאָכעם בעטלער און לייווי בעטלער לאָזן אים זײַט צוויי כאַדאָשים נישט אַרויס פון אויג.

בענדיט סירקיס איז געבליבן געפּלעפט. זײַנע אייגענע נאָכקוקערס האָבן אים וועגן די בעטלערס גאָרנישט ניט צו וויסן געטאָן.

— איר גייט אײַן?

קאַלעוו אַשקענאַזי האָט אים נישט געענטפערט.

— איר גייט אײַן?

---

— ווײַבל! — האָט קאַלעוו גערופן. דער מעשאָרעס איז אַרײַנגעקומען. קאַלעוו אַשקענאַזי האָט אַף אים געקוקט מיט באַליידיקטן פּאַריבל.

—אַזאַ זויערער ווײַן... אַה?..

ווײַבל באַם האָט טײַקעף צוגענומען דעם ווײַן.

נאָך אַ ווײַלע איז ער אַרײַנגעקומען מיט אַ גילדענער טאַץ און צוויי גרויסע גילדענע בעכערס. דאָס באַריקעלע ווײַן, וואָס ער האָט איצט געבראַכט, איז געווען פרישן אויסגעגראָבן פון דער ערד אינעם קעלער און באַוואָקסן מיט שימל. קאַלעוו אַשקענאַזי האָט באַטראַכט דעם זייגל אַפן שטאָפּער און אַליין אים צעקלאַפּט. ווי נאָר ווײַבל האָט אַרויסגעשלאָגן דעם שטאָפּער, האָט קאַלעוו אַשקענאַזי אַליין אויסגעגאָסן דעם ווײַן אין אַ קרישטאָלענעם קריגל און פון דאָרט אײַנגעשענקט אין די בעכערס.

ער האָט צוערשט צעקוועטשט אַ קליינעם טראָפּן אַף דער צונג, אויספירווונדיק געסמאָטשקעט און צופרידן אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי דערקענט אַ באַקאַנטן, און לאַנג נישט געפילטן טאַם.

— אַה?.. — ער האָט געזופּט קליינע זופּעלעך. צופרידן און כיטרע האָט ער געקוקט אַף בענדיט סירקיסן און פאַרביסן דעם ווײַן מיט שוואַרצבלאָוולעכע ראָזינקעס, וואָס ער האָט אַראָפּגעפּליקט פון אַ גרויסן הענגל. ער האָט צוגערוקט בענדיטן דעם טעלער מיט די טײַ-

ערע ראָזינקעס, צוגעגאָסנ אים ווײַנ אינ בעכער אונ גוט אופגעלייגט געברומט:

— אה?..

— איר גייט אײַנ?

— ניינ.

— נישט.

— אינ שוטפעס נישט. איכ בינ צו אַלט. געלט וועל איכ געבנ. די העלפט פונ דער פאכט אונ פונ קיניגס האַלוואָ. איר וועט בא מיר לײַענ. א וועקסל מיט אכט אונ צוואַנציק פונ הונדערט איסקע, אויסצוצאָלנ איטלעכס האַלבע יאָר... די פאכט, סקלאַדעס אונ אײַער גאַנצער האָב אונ פאַרמעגנ זײַנענ מאשקנ אונ אָרוועס... אה?..

סירקיס האָט מיט א גרינג האַרצ אופגעאָטעמט.

— אײַכ צו ווילנ...

ער איז צופרידנ געווענ, וואָס קאָלעוו אשקענאַזי גייט אײַנ, זאָל זײַנ אפ אַזאַ שטייגער.

— אה?.. — קאָלעוו אשקענאַזי האָט מיט זקייניש אומבאהאָל־פענע פינגער ארויסגעראַבלט ראָזינקע־קערלעכ פונ מויל. — טאָד־ראָס סעגאַל מײַזלס אונ יוזל בראַגדיים דאַרפנ ארײַנ אינ שוטפעס.

— אינ שוטפעס? — סירקיס האָט זיכ דערשראָקנ אונ פאַרבי־רעשט.

— אינ שוטפעס. בײדע אײַנײַנעמ אפ א זעכצנטל פונ רײַנעמ רע־ווח. — קאָלעוו אשקענאַזי האָט שטיל אינ זיכ ארײַנגעהיכצט.

בענדיט סירקיס האָט זיכ גיכ געכאַפּט אונ עטלעכע מאָל גע־שאָקלט מיטנ קאָפּ אפ יאָ. קאָלעוו אשקענאַזי האָט מיט קלײנע זו־פּעלעכ געטרונקענ ווײַנ.

— אה?.. אה?..

# עלפטער קאפּיטל

צו מאָרגנס האָבן זיך די פּויערים ווידער ארומגעבלאָנקעט אין שטאָט, אָבער וועגן וואלענטי גולוויעץ האָט זיי קיינער נישט געוווּסט צו ענטפערן.

עפּעס אן אלטיטשקע שטאָטערן האָט זיי אָנגעוויזן אין דער זײַט פונעם פלאָריאנער שטאָט־טויער. זיי האָבן זיך דאָרט ארומגעדרייט ארום די טורעמער און זײַנען צוגעשטאנען צו די שטאָט־וואכטערס, מע האָט זיי אָבער פון דאָרט אוועקגעטריבן. עס איז געקומען מי־טאָג־צײַט און זיי זײַנען געווען הונגעריק און מיד. זײַנען זיי ארויס פון טויער, דורכגעקראָכן דורכן ריוו ארום דער שטאָט־וואנט און ארופגעקלעטערט אפ דער ברייטער דאמבע, וואָס איז געווען אויסגע־געמויערט מיט ציגל און אופגעשיט מיט ערד. דאָרט האָבן זיי זיך אויסגעשטרעקט אפן גראָז און געדרעמלט אין נאָכמיטאָגדיקער זון.

אופגעכאפּט זיך פון דרעמל, איז מאטשיי געזעסן אפן גראָז, די באראנקעווע קוטשמע נעבן זיך אפ דער ערד, און די האָר זײַנען אים פון שלאָף געווען צעשויבערט. ער האָט שטאר געקוקט אין דער לופט ארײַן, פון מאָל צו מאָל געגענעצט און געמליאסקעט א ביטערן טאם אין מויל פון מידקײַט און פון לאנגן נישט־דערעסן. מיטאמאָל האָט ער זיך אופגעמונטערט, זײַן פּאָנעם איז לעבעדיק געוואָרן. ער האָט עפּעס נאָכגעטראכט, זײַן געדאנק האָט אָנגעשטרענגט געארבעט, אז ער האָט אזש אָנגעהויבן צו קײַען מיט די באקן־ציינער. אפ א רעגע האָט זיך אפ זײַן פּאָנעם באוויזן א ברייטער שמייכל, באלד אָבער איז

ער פאַרשווּונדנ. ער האָט אַלצ גיכער געקײַעט און געמליאַסקעט מיט
א פּוסט מויל, אינ די אויגנ האָט זיכ באַוויזנ א צאַרנדיק פײַערל, ביז
ער האָט הילכיק און ווײַט פונ זיכ אַוועק א שפּײַ געטאָנ, צוריק אויס-
געשטרעקט דעמ קערפּער און אָנגעשפּאַרט דעמ קאָפּ אופנ עלנבויגנ.

— העי? — האָט אימ וויטשעכ געפרעגט.

מאַטשיי האָט בלויז א וואָרטשע געטאָנ און גאָרנישט געענטפערט.
וויטשעכ האָט אָבער גאַנצ פּינקטלעכ געוווּסט, וואָס מאַטשיי האָט
געטראַכט, כאָטש מאַטשיי האָט אימ גאָרנישט געזאָגט. מאַטשיי האָט
א קוק געטאָנ אינ וויטשעכס זײַט און געזענ ווי ער האָט געפּאַקט א
גראָבנ פּישפּאָרמיקנ פּויערשנ קניפּיק, בא וועלכנ דאָס הילצערנע
רויט-געפאַרבטע הענטל איז געווענ אויסגעשניצט מיט גראָבע שניצע-
רײַענ און די שאַרפ ברייט און פאַרזשאַווערט. מאַטשיי האָט זיכ באַ-
געגנט מיט א קוק, וואָס וויטשעכ האָט צו אימ אַהינגעוואָרפנ. מאַ-
טשיי האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

— וואָס טויג דאָס? צו אימ וועסטו נישט צוקומענ. האָסט געזענ
ווי מע היט אימ? אינ דער טיר איז שטענדיק געשטאַנענ א פּאַר-
שוינ... מע וועט דיכ כאַפּנ און הענגענ...

וויטשעכ האָט זיכ געשפּילט מיטנ קניפּיק, געעפנט די שאַרפ און
זי צוריק פאַרמאַכט. דערנאָכ האָט ער אַוועקגעלייגט דעמ קניפּיק לעבנ
זיכ און מאַטשייענ געקוקט גלײַכ אינ די אויגנ.

— העי?

מאַטשיי האָט ווײַטער געצויגנ זײַנ געדאַנק.

— ... און אונטערצינדנ וועסטו נישט אַזאַ הויז. ס'איז נישט קיינ
כאַטקע, וואָס ברענט ווי צונטער. ציגל, שטיינ, זאַמד און קאַלעכ, די
צייג זיכ אויסצוברענ. ניינ... — ער האָט געטרייסלט מיטנ קאָפּ,
אַוועקצושאַרנ דעמ אומגעלומפּערטנ געדאַנק.

דאָס זײַנענ שוינ נישט מער געווענ די צוויי טאַמעוואַטע פּויערימ-
לעכ מיט זייער כיטרע-אָפּגעהיטער באַרעדעוודיקײַט. דאָס זײַנענ גע-
ווענ גאָר שווער באַלאָדענע און געיאָגטע מענטשנ, וואָס האָבנ באַ-
טראַכט זייער גורל און אָנגעשטרענגט געזוכט וויאַזוי אַראָפּצוּוואַרפנ
דעמ אומדערטרעגלעכנ אָל פונ די פּלייצעס. אינ די פּאָשעטע רייד
פונ די פּויערימ האָט דער שענסטער און מענטשלעכסטער געדאַנק
וועגנ קאַמפּ און באַפרײַונג אומבאַהאָלפנ און שווער געטאַפּט א וועג,
האָט אינ זייער מויעכ געצאַפּלט און געזוכט א גאַנג ווי א ניט-רײַפע
פרוכט אינ דער מוטערס טראַכט — און נישט געפונענ.

מאַטשיי האָט זיכ ברייט פאַרמאָסטנ מיט אַנ אָפּענער האַנט אונ אַנטשלאָסנ זיכ א פּאַטש געטאָנ אינ זײַנ צווייטער אָפּענער האַנט, אַזוי ווי ווענ פּויערים קומענ צו אַנ אויסגלייכ באַמ פאַרקויפנ אָדער קויפנ א קו.

— נישט אימ אונ נישט אונדז... זאָל זיכ רויכערנ! — ער האָט דערהמיט אַרויסגעזאָגט זײַנ מיינ אונטערצוצינדנ די שאַכטע ווי יאַנ פּאָקזשיוואַ צוריק מיט צוויי יאָר.

ווויטשעכ האָט ווידער גענומענ דעמ קניפּיק פונ דער ערד אונ אָנגעהויבנ שנײַדנ דאָס גראָז אַרומ זיכ. ער האָט אויפגעהויבנ דעמ קאָפּ אונ זײַנע אויגנ האָבנ שטאָלצ געבלישטשעט, באַלעבט פונ בליציקנ געדאַנק, פּונקט ווי בײַ מאַטשייענ. אפ א רגע זײַנענ דאָס געוואָרנ גאָר אַנדערע מענטשנ, פרײַע, צעעפנטע, באַשײַנט פונ א טרוימ, וואָס אינ א ווײַטער צוקונפט.

אָבער באַלד האָט ער זיכ ווידער אָנגעכמורעט אונ אַראָפּגעלאָזט די אויגנ. ער האָט זיכ דערמאָנט, ווי ער איז דאָס דעמלט אינעמ ווינטער, ווענ די זשופּע האָט געברענט, געשוואָלנ געוואָרנ פונ הונגער איינײַנעמ מיט זײַנ הויזגעזינד. אַלצ אַזוי ווי סירקים האָט עס אינ זײַנ שמועס מיט בראַנדייסנ געהאַט פאַרויסגעזענ.

זיי זײַנענ א ווײַל שווײַגנדיק געזעסנ. מאַטשיי האָט א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט, האָט זיכ ווי אויפגעקומענ פונ כאָלעמ הילפלאָז אומגעקוקט, אָנגעהויבנ צו מאָלנ מיט די קינבאַקנ, אונ צאָרנדיק אויסגעשפּיגנ. ער האָט פּוסט געשטאַרט אינ דער לופט אַרײַנ אונ דער אויסדרוק פונ זײַנ פּאָנעמ איז אַלצ טעמפּער אונ טעמפּער געוואָרנ.

אונ ווידער זײַנענ עס געוואָרנ די צוויי פּויערימלעכ פונ נעכטנ אונ אייערנעכטנ.

---

מאַטשיי האָט זיכ צעגעגנעט אונ זיכ געקראַצט די צעקאָלטנטע האָר.

מיטאַמאָל האָט ער ניט זייער ווײַט פונ זיכ אפ דער ערד דערזענ א קליינ קלומעקל אײַנגעוויקלט אינ א לײַוונטנ טיכעלע.

— זע נאָר, — האָט ער זיכ געכידעשט, — ווי־אַזוי איז דאָס דאָ אַהערגעקומענ? ס'איז האָב פריִער נישט געווענ.

— נישט געווענ? — ווויטשעכ האָט זיכ שלעפעריק געקראַצט ־עמ קאָפּ.

— נישט געווענ.
— האָסט פריִער אומעטומ געקוקט?
— אומעטומ געקוקט.
— און עפּשער נישט אַזוי פּינקטלעכ געקוקט?
— עפּשער נישט אַזוי פּינקטלעכ, — האָט מאַטשיי מאַסקימ גע-
ווענ.
זיי האָבנ אומאַנטשלאָסנ געקוקט אויפנ קלומעקל און עפּעס נישט
דערוועגט זיכ צורירנ.
— מאַטשיי, נעמ, גיב אַ קוק, וואָס סע ליגט דערינענ.
קווענקלענדיק זיכ האָט מאַטשיי צעוויקלט דאָס קלומעקל. דאָרט
זײַנענ געלעגנ עטלעכע קליינע שמאַטקעס ווײַסער אַטלעס, אויסגע-
האַפטענער מיט קאָלירטע פעדעמ און מיט פּליטערלעכ. און נאָכ איז
דאָרט געווענ אַ קליינ גלעקעלע זייער שיינ געאַרבעט, אָבער גרינ-
בלעכ־שוואַרצ און פאַרזשאַווערט. אײַנגעוויקלט אינ אַ באַזונדער פאַ-
טשיילעכל איז געלעגנ אַ האַלב לעבל ברויט מיט אַ שטיק כאַזער-
פעטס, און אינ אַנ עקל פונ דער פאַטשיילע איז געווענ אײַנגעקניפּט
אַ שטויסל גראָשנס.
מאַטשיי האָט דאָס אַלצ צוריק אײַנגעוויקלט אַפּ דער ערד.
— בעסער וועלנ מיר דאָס דאָ לאָזנ ליגנ.
— פאַרוואָס?
— ווייס איכ? עפּשער האָט דאָס דער טײַוול אונטערגעוואָרפנ.
ס'איז פריִער נישט געווענ.
— האָסט פּינקטלעכ געקוקט?
— פּינקטלעכ.
— נישט אַזוי זייער פּינקטלעכ?
— נישט אַזוי זייער פּינקטלעכ.
— עפּשער האָסטו בלויז נישט דערזענ?
— עפּשער.
— נו, איז קומ, וועלנ מיר דאָס נעמענ.
— נו, קומ.
— נו, נעמ דו דאָס.
— נו, נעמ דו דאָס.
— דו האָסט דאָכ געפונענ.
— איכ וויל נישט.
— פאַרוואָס?

— איך ווייס נישט. ס'איז מיר אן אומרו אין הארצן.

מאטשיי האט א קרעכץ געטאן, ער האט זיך א רעגע געאמפערט. דערנאך האט ער אויסגעשפיגן, א מאך געטאן מיט דער האנט און גענומען אראפקלעטערן פון דער דאמבע אין ריוו אריין.

וויטשעק האט זיך באטראכט.

— האס ברויט מיטן שפעק וואלט מען געקאנט נעמען. ברויט איז פון גאט, א הייליקע זאך, — זיי זיינען ביידע געווען גוט הונגעריק.

— אנו, נעם.

מאטשיי איז צו רוקגעגאנגען. ער האט עטלעכע מאל איבערגעציילעמט דאס ברויט און עס איבערגעבראכן. זיי האבן זיך אוועקגעזעצט און געגעסן.

האס ברויט איז געווען פאשעט ברויט, אזא ווי זיי זיינען דערצו געוווינט געווען. אינעם שפעק איז אויך נישט געווען גארנישט אומגעוויינלעכס.

— דאס האט מיסטאמע פארלוירן א פילגרים אפ ארפוסט.

— נישט אנדערש.

— זעסט דאך... א קריסטלעכער מענטש.

— נישט אנדערש.

— ע־ע... וואס דארט... — האט מאטשיי א מאך געטאן מיט דער האנט. — מע קאן דאס אלץ צונעמען. צו וואס זאל דאס דא ליגן? א שאד גאטס גאב.

— א שאד.

— פאר די ווייבער אפ בענדלעך צו די קאפטאניקעס.

— יא.

— און דאס גלעקל פארן גמיינגע ביק, וואס באהזשיעט זיך.

— פארן ביק.

זיי האבן איינגעטיילט צווישן זיך די צוויי אטלעסענע שמאטקעס און האבן דאס באהאלטן אין בוזעם אונטער דער פאזעכע. דערנאך זיינען זיי אראפ פון דער דאמבע און אריבער דעם ריוו צוריק אין שטאט אריין. מע האט גראד טראמייטערט פארן פארמאכן די שטאט־טויערן.

---

מאטשיי האט געזאגט:

— איך בין אזש דורשטיק געווארן. ס'ווילט זיך טרינקען נאכן גוטן ברויט מיט שפעק.

זיי האָבן געפונען א פּלומפּ, אַנגעיאָגט וואסער אין דער רער און זיך געשמאַק אָנגעטרונקען.

זיי האָבן זיך אוועקגעזעצט אַף די טרעפּ פון א קאַשטשיאָל און זיך צוגעקוקט צום זומערדיקן פאַרנאַכטיקן טומל אַפן רינעק און אַף די גאסן, וואָס פירן צו איִם. מאטשיי האָט געזאָגט.

— דו פילסט עפּעס?

— וואָס?

— ס'ווילט זיך טרינקען.

— יאָ.

— נישט וואסער.'

— ניין.

— דו פילסט עפּעס?

— איך פיל.

— די גראָשנס פון קניפּל אינעם קלומיקל סוועטרזשען....

— יאָ, זיי סוועטרזשען.

— מער?

— מער.

— ס'איז ווי האָניק אַף דער צונג און א שלעפעריק רויעכל ציט זיך פון קאָפּ אינעם הארצן און טרייסט דאָס באַטריבטע געמיט.

וויטשעק האָט נאָך אבוצדעם ארויסגעפונען.

— און איך שענק וואָלט מען עמעצן געקאָנט פרעגן אַף פּאַן הראביא גולוויצ.

באַלד אָבער האָט זיך מאטשיי באטראכט.

— ווייסט וואָס? די גראָשנס זיינען דעם טייוולס.

— נישט אַנדערש. זיי אייצען זינד.

— זיי סוועטרזשיען.

— בעסער נישט גיין.

אזוי האָבן זיי געשמועסט און עטלעכע מאָל זיך אהין און אהער געאמפּערט.

לעסאָף זיינען זיי אריין אין א שענק.

צו זייער באַנק האָט זיך צוגעזעצט עפּעס איינער א ריזיקער פּארשוין מיט א געדיכטער שוואַרצער באָרד און צוגעפלעטשטער נאָז. זיי האָבן געטרונקען און ער האָט אויך געטרונקען. מאטשיי האָט א שטופּ געטאָן וויטשעקן.

— פרעג איִם.

וויטשעבן איז דער מעד אין קאָפּ אַרײַן, האָט ער מוטיק גע־פֿרעגט, צי ער ווייסט נישט, גאָטס מענטש, ווו סע וווינט דאָ דער יאַשניע ווישעלמאָזשני פּאַן הראַביע וואַלענטי גאָלוויעץ. יאָ, ער ווייסט. צי קאָן ער נישט ווײַזן ווו? יאָ, ער קאָן. אַנו, זאָל ער ווײַזן. די פּויער־ערים האָבן זיך אופגעהויבן און זיך געקליבן גיין. איצט נישט, ס'איז דאָך שוין שפּעט. מאָרגן. וועט ער טאַקע ווײַזן? יאָ, ער וועט ווײַזן. און ווו וועט ער זײַן? אָט־אָ דאָ אין שענק. ער וועט נישט אָפּנאַרן? ער וועט נישט אָפּנאַרן. זיי דאַרפֿן שוין קיינעם נישט מער פֿרעגן.

מאַטשיי האָט זיך פֿאַרטראַכט און פּלוצלינג באַקומען אַ כשאַד.

— געדענק. ווײַל ס'האָט אונדז דאָ שוין איינמאָל איינער אָפּגע־נאַרט און פֿאַר אונדזער געלט געטרונקען מעד.

ניין. דאָס מאָל וועלן זיי, גוטע מענטשן, פֿאַר זײַן געלט מעד טרינקען. ער וועט זיי נישט אָפּנאַרן. ער האָט געהייסן ברענגען אַ האַלבן עמער מעד. בײַ מאַטשייען אָבער האָט זיך דער כשאַד פֿאַר־שטאַרקט.

— ביסט פֿון די ציגײַנערס?

— פֿון די ציגײַנערס.

— אין גאָט גלייבסטו נישט?

— אין גאָט גלייב איך, גוטע מענטשן.

— אַנו, צײלעם זיך איבער.

דער פֿאַרשוין האָט זיך צעלאַכט. וואָס שטייען זיי צו אים צו? אָט איז מעד, זאָלן זיי זשלאָקען. ווילן זיי נישט, זאָלן זיי אײַנגעזונקען ווערן. די פּויערים זײַנען שוין געווען גוט שיכּור. זיי האָבן געטרונ־קען פֿון גרויסע קוואָרטן.

— שוואַרץ ביסטו עפּעס, ווי דער טײַוול.

דער פֿאַרשוין האָט גוטמוטיק געלאַכט.

— און עפּשער ביסטו דער טײַוול?

דער מענטש האָט אופגעהערט לאַכן. טויט־שיקער האָט צו אים וויטשעב געזאָגט.

— אַנו, הייב זיך נאָר אויף, ווײַז ווו דו האָסט דײַן עק.

— און די קאָפּיטקעלעך ווײַז, — האָט מאַטשיי צוגעגעבן.

דער פֿאַרשוין האָט זיך אומגעקוקט צו דער טיר.

מאַטשיי האָט אויף אים אַרופֿגעלייגט אַ שווערע האַנט.

— ביסט דער טײַוול, צי נישט?

— לאָז אָפּ, כאַם פּאַרדריפּעטער, הונטסבלוט...

— ווײַז דײַנ עק, נישט־גוטער... פילסט שוועבל? — האָט ער זיכ געווענדט צו וויטשעכנ. וויטשעכ האָט גענומענ איבער דעמ פאַר־שוינ צײלעמענ.

— ס'נעמט אימ נישט. — וויטשעכ האָט ווײַטער געצײלעמט אונ מיט א שווערער צונג געמורמלט: ...Ojcze nasz *.

מע האָט זיכ אָנגעהויבנ אַפ זיי אומצוקוקנ. מאַטשיי האָט דעמ פאַרשוינ אָנגעכאַפּט פאַר די פּלײיצעס.

— אַנו, צײלעמ זיכ... האָסט צו טרינקענ געגעבנ, ווילסטו אונ־דזערע נעשאָמעס האָבנ? — ער האָט אימ געטרײסלט די פּלײצעס.

דער פאַרשוינ האָט זיכ געפּרוווט אָפּטרײסלענ אונ עס האָט זיכ צווישנ זיי אָנגעהויבנ א געראַנגל. פונעמ ווינקל, ווו דאָס קאַניצל איז געשטאַנענ, האָט אַפ זיי דער שענקער געשריגנ, זיי זאָלנ נישט טומ־לענ.

דער פאַרשוינ האָט געכאַפּט א קוואָרט מעד, וואָס איז פאַר אימ געשטאַנענ, אונ האָט מיט איר א כליופּ געטאָנ מאַטשיײענ גלײַכ אינ די אויגנ אַרײַנ. מאַטשיי האָט אימ טײקעפּ אָפּגעלאָזנ.

ווענ ער האָט צוריק געעפנט די אויגנ, איז דער פאַרשוינ נישט מער געווענ. דער שענקער איז צו זיי צוגעגאַנגענ. מאַטשיי האָט זיכ מיט די אַרבל אויסגעווישט די אויגנ פונ מעד אונ דערשראָקנ גע־מורמלט.

— ערשט איז דאָ געזעסנ דער טײַוול אונ איז נישט געוואָרנ. ער האָט געשפּיגנ מיט פײַער.

דער שענקער האָט זיי אַרויסגעוואָרפנ.

---

זיי זײַנענ געגאַנגענ איבער די גאַסנ, געוואַקלט זיכ אינ די זײַטנ אונ זיכ געהאַלטנ בא די הענט. עס האָט זיכ אַראָפּגעלאָזט א קורצ וואַרעמ רעגנדל. דאָס האָט זיי א ביסל אויסגעניכטערט.

זיי האָבנ זיכ אײַנגענורעט אינ א נישע אונטער א דעכל צווישנ צוויי הײַזער, האָבנ זיכ אײַנגעטוליעט אינ די סוקמאַנעס אונ גע־דרעמלט.

ס'האָט שוינ געגראָוט אַפ טאָג, בײם עס האָט זיי אויפגעוועקט א טומל.

* פאָטער אונדזערער... (א קריסטלעכ געבעט).

זיי האָבנ דערהערט א הילכיקע טופּערײַ פונ לויפנדיקע טריט אפנ שטיינערנעמ ברוק פונ דער שכיינעסדיקער גאַס. עס האָבנ געקלונגענ שווערדנ, אונ פונ געסל צו געסל האָבנ זיכ איבערגערופנ קוילעס, מע האָט געפײַפט.

— שטיי! ווער איז דאָ?

די פויערימ האָבנ זיכ טיפער אײַנגעניאָרעט אינ דער נישע. באַלד האָבנ זיכ באַוויזנ עטלעכע פּעכ־פאַקלענ. נאַכט־וואַכטערס מיט פּיקעס האָבנ געשאַרט אַרומ די ווענט אונ אַרײַנגעלויכטנ אינ יעדנ ווינקל.

— אָט זענענ זיי! קריכט אַרויס! — אונ טייקעפ האָבנ די פויערימ דערפילט פּיקעס אינ זייערע זײַטנ.

זיי זײַנענ פּאַמעלעכ אַרויס פונ דער נישע אונ פאַרלוירענע, צעטומלטע, געבלענדט פונ פאַקלענ־שײַנ, געקוקט אַפ די נאַכט־וואַכטערס, וואָס האָבנ זיי אַרומגערינגלט.

מע האָט זיי געשטויסנ אונ געשטופּט, אונ איידער זיי האָבנ באַגומענ וואָס דאָ געשעט, האָט שוינ איינער פונ די וואַכטערס אַרויסגעצויגנ פונ אונטער זייערע פּאַזעכעס די אַטלאַסענע שמאַטקעס אונ זיי אויסגעשפּרייט אַקעגנ דער שײַנ פונ די פאַקלענ.

— ...צעשניטענע גאַלאָכישע אָרנאַטנ... הונטסרבלוט!.. — האָבנ די וואַכטערס אויפגעבראַכט געשריגנ. — דאָס זײַנענ זיי, וואָס האָבנ יענע וואָכ באַגאַנוועט דעמ קאָשטשיאָל פונ הייליקנ מאַרטשינ.

דערווײַל האָט עמעצ געפונענ דאָס גלעקל אויכ. ער האָט א קראַצ געטאָנ מיטנ שווערד־שאַרפ איבערנ גלעקל אונ אַלע האָבנ זיכ באַ דער שײַנ אָנגעבויגנ צו זענ, וואָס סע וועט זיכ אונטער דעמ גרינלעכנ זשאַווער באַווײַזנ.

— זילבער! א זילבערנ גלעקל, וואָס מע קלינגט דערמיט אינ קאָשטשיאָל, ווענ מע דערלאַנגט גאָטס לײַב...

— אונ אָט איז א פּאַטשיילע...

א וואַכטער האָט וויטשעכנ א זעצ געטאָנ אונטער דער גאָמבע.

— נישט אַנדערש ווי מיט פּאַטשיילעס ווישסטו דעמ שווייס פונ דײַנ כאַזערישנ רי?

מיט א פאַרמאַכטער פויסט האָט ער אימ נאָכאַמאָל א טראַסק געטאָנ אונטער דער גאָמבע פונ אונטנ אַרויפ.

— ווו האָט איר באהאלטנ דעמ איבעריקנ רויב?

מע האָט זיי געבונדנ אונ אוועקגעפירט אינ געפענקעניש.

אינ דער זעלבער נאכט האָט מענ אויכ געכאפט ווראָמע דרוקערס, וואָס האָט זיכ ארומגעשלייעט אינ שטאָט אינמיטנ נאכט, כאָטש קיינ שומ ייִד האָט זיכ דאָרט נאָכ טויער=שליסנ נישט געטאָרט געפי־נענ.

אויכ אימ האָט מענ א געפענטעטנ אייַנגעזעצט אינ געפענקעניש.

# צוועלפטער קאַפּיטל

אַז בענדיט סירקימ האָט גערעדט מיטנ פֿאַ־
רעצ פֿונ קאַשיצע, האָט ער אופֿגעהערט קורצאָטעמדיק צו סאָפּענ, זײַנ געווײנלעכ אַ ביסל פֿאַרשלאָפֿנ מאַטעווע פּאָנעמ איז לעבעדיק געוואָרנ, אונ די געדראַלענע קישעלעכ, וואָס ער האָט געהאַט איבער די אויגנ אונ אופֿ וועלכע ס'האָבנ זיכ קוימ אָנזעעוודיק אָנגעצייכנט שי־טערע ברעמענ, האָבנ זיכ קעסיידער געהויבנ אונ געקנייטשט אַפּ אַרופֿ. אינ דעמ שווערנ אופֿגעיוירענעמ פֿאַרשוינ מיט פֿעטע קנייטשנ אַרומ דעמ קאַרק האָט זיכ אופֿגעוועקט אונ צעשפּילט דער אַמאָליקער ווילערישער פֿערד־הענדלער.

— ...ווי האָב איכ אײַכ פֿריִער געקאָנט צו וויסנ טאָנ, מאָשטשי פֿאַניע מאַרשאַלעק, אַז ווי נאָר איכ האָב אימ בײַ אונדזערנ ראַבינ דערקענט, האָט ער מיר שוינ געווונקענ, מיט דער פֿויסט אָפּנ מויל צייכנס געמאַכט, אונ דערנאָכ מיכ צוגעכאַפּט אינ אַ ווינקל אונ מיר געסיקעט אינ אויער: דו שווײַג דאָ ווער אונ וואָס, אונ קיינעמ אינ דער וועלט קיינ וואָרט נישט, זיסט צעקוועטש איכ דיכ, ווי אַ וואַנצ צעקוועטש איכ דיכ... אונ שוינ האָט ער מיט די ציינ געקריצט אונ זיכ געביסנ אינ די פֿויסטנ, אַז די האָר האָבנ זיכ מיר געשטעלט קאַפּויער.

דער פֿאַרעצ פֿונ קאַשיצע איז אומגעדולדיק געוואָרנ אונ האָט זיכ צומ רײַכנ אַרענדאַטער בייז אַ קער געטאָנ.

— דול נישט, בענדיט סירקימ. אַזאַ גאַטשלאַק וויקלסטו זיכ גלאַט אינ אַ זעקל אונ באַהאַלטסט דיר אימ אונטערנ גאַרטל. ווילסט דעמ עמעס זאָגנ, גוט. נישט, טאָ שווײַג אײַנגאַנצנ.

— הונדערט ייִדנ פֿאַרשטעקט איר, מאַשטשי פּאַניע מאַרשאַלעק, מיט אײַער סייכל. זאָל זײַנ רייִנער עמעס. צו וואָס האָב איכ אײַכ פֿריִער געזאָלט צו וויסנ טאָנ, אַז פֿויעלנ, האָב איכ פֿאַרשטאַנענ, וועט איר הערוויַל גאָרנישט, און קאַליע מאַכנ קאָנט איר א סאַכ. איז האָב בעסער געווענ, קלוימערשט אײַנגייִנ און אַזוי טאָנ, אַז סע זאָל אים אַליינ נימעס ווערנ, ער זאָל זיכ אַליינ בעטנ אַפּ אַרויס.. אַליינ וואָלט איר בעסער נישט צוגעטראַכט.

— אוואַדע... — האָט פּאַנ קאָשיצקי קאַלטבלוטיק געקוקט דעמ פּאַכטער אינ די אויגנ, — א רעוועכל, ווער ווייסט ווי גרויס, איז דערבײַ מיסטאָמע געווענ, און באַוואָרנט אויכ, אַז דעמ קאָהאָל אײַערנ זאָל קיינ שום שאָדנ פֿונ דעמ מעשוגענעמ נישט אַרויס. איר האָט זיכ דאָרט אײַערע קאָנשאַכטעס...

בענדיט סירקיס האָט אומעטיק אַראָפּגעבויגנ דעמ קאָפּ.

— אַז איר פֿאַרשטייט אַלצדינג אַלייג...

— דו... הערסט? זײַ דאָ נישט צו פֿיל האָפֿערדיק...

דער פּאַכטער האָט זיכ א ריר געטאָנ ווי זיכ אופֿצוהייבנ און אוועקצוגייִנ. — איכ וועל הייסנ אײַנשפּאַנענ מײַנ וואָגנ אינ אַהיימ־פֿאָרנ צוריק אינ שטאָט, זיסט וועט איר מיכ נאָכ, מאַשטשי פּאַניע, דעמ עלטסטנ פֿונ די ייִדנ אינ קראָקע און פֿונ דער גאַנצער וואָיע־וואָדסטווע, לאָזנ שמײַסנ, ווי עפּעס א כאַמ. אָט דאָס האָב איכ פֿאַר מײַנ מי, פֿאַר מײַנ גוטנ ווילנ. עכ... — ער האָט טרויעריק א מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

פּאַנ קאָשיצקי האָט אימ געצויגנ באַמ אַרבל און אַפּ אַנ עמעס זיכ צערייצט.

— אוי בענטקאָ... אַז דו קאָנסט זיכ אַלצ נישט אָפּגעוווינענ דײַנע פֿאָרטלענ. צײַט שוינ זאָלסט מיט מיר רייִדנ אָפֿנ.

— ווייניק אָפֿנ רייד איכ, מאַשטשי פּאַניע, אַז פֿונ איטלעכנ וואָרט מײַנעמ לייענט איר אַרויס ווי פֿונ א בריוו...

— פֿאַר די ווערטער וואָלט שמײַסנ דיכ צוניצ געקומענ. — הער אופֿ, זעצ זיכ און רייד.

— דערופֿ בינ איכ געקומענ. אַז לאָזסט מיכ נישט רייִדנ און וואַרפֿסט מיר אויס א ליגנ.

דער מאַרשאַלעק האָט שוינ גאָרנישט געזאָגט, ער האָט פֿאַרביסנ זײַנ קאַס און, אונטערשפּאַרנדיק דעמ קאָפּ מיט דער האַנט, האָט ער געדולדיק געוואַרט.

— ווּ בינ איכ שטיינ געבליבנ? — האָט נאָכ אַ ווײַלע לעהאַכעס־דיקנ שווײַגנ און גלעטנדיק זיכ מיט צוויי פֿינגער די באָרד אַפֿ דער נאָמבע דער פֿאַכטער אַפֿסנײַ אָנגעהויבנ. — יאָ, ווי ער האָט מיר דאָס אַזוי געדראָעט, דער פֿאָנ הראַביאַ גאָלוויעצ, האָב איכ זיכ באַטראַכט און אים צוגעזאָגט, וואָס שווײַגנ? גוט, איכ וועל שווײַגנ, נאָר זעסטו, מײַנ האַר הראַביאַ, האָב איכ אים געזאָגט, דער ראַבינ רעדט דיר דערפֿונ אָפּ, נישט ווייסנדיק ווער דו ביסט, און איכ רייד דיר טויזנט מאָל מער אָפּ פֿונ דער זאַכ, ווײַל איכ ווייס ווער דו ביסט. ער האָט שוינ ווידער געקריצט מיט די ציינ און אַ וואָרפֿ געטאָנ: דו רייד מיר נישט קיינ סאַכ, ייִדקע, נאָר טו, וואָס מע הייסט דיר. האָב איכ שוינ געמוזט לאַכנ. אַ ייִד ווילסטו ווערנ, יאַשגיע פּאַניע, און זידלסט מיכ, ווי אַ יואַנצ ווילסטו מיכ צעקוועטשנ. און אַז דער הראַביאַ גאָלוויעצ נעמט גישט און הייבט אָנ צו כליפּענ און טרערנ צו פֿאַרגיסנ, אַז עס האָט מיכ אַזש אינ האַרצנ געריירט. וויינ נישט, יאַשגיע פּאַניע, האָב איכ אים געזאָגט, איכ וועל דיר שוינ העלפֿנ. נײַנ, האָט ער געשריענ און געפֿאָכעט מיט די פֿויסטנ, איצט קומ און זאָג אים, דעם פּשיאַ־וויאַראַ, ער זאָל וועלנ. איי, האָב איכ אים געענטפֿערט, דײַנ געשעמע איז מיט הערנער, ווי זאָל איכ אים דאָס צווינגענ? וואָס האָט ער דיר אַזוינס געזאָגט, דער ראַבינ? אַכ, דער אַלטער ניעדויִדאַ, געפּלאַפּלט האָט ער, געהייסנ מיכ אַהיימ גיינ זיכ אויסניכטערנ, פֿאַר שיקער האָט ער מיכ געהאַלטנ, דער סקורטשיביק... איז פֿאָלג אים, האָב איכ זיכ געבעטנ, זאָל זײַנ דאָס ערשטע: שלאָפֿ זיכ אויס און איכ וועל עפּעס צוטראַכטנ גוטס...

— אוי! — האָט פֿאָנ קאָשיציקי געזיפֿצט. — פֿאַר מײַנע זינד. ס׳אַראַ כאַרפּע און שאַנד.

בענדיט סירקיס האָט געשוויגנ און געקוקט אַפֿ די פּאָרטרעטנ אינעמ פֿריצישנ זאַל.

— נו, און ווײַטער?

— נו, גאָרנישט. אונדזער ראַבינ אינ קראָקע וואָלט אים סײַוויי נישט צוליב געטונ. ווייסט ווויל, ווי האַרב דאָס ווערט באַשטראָפֿט. מע האָט אײַער האַר אייִדעמ אַזוי לאַנג געצויגנ מיט יאָ און ניינ, ביז ער האָט זיכ מער נישט געקאָנט אײַנהאַלטנ פֿונ כּאַס. און דעמלט האָב איכ אים געגעבנ אַזאַ ברייוול צומ ראַבינ פֿונ אָלקוש, אַפֿ אונדזער העברעיִש געשריבנ, און דעריבער האָב איכ דאָרט געגעבנ צו פֿאַרשטיינ, אַז באַשנײַדנ...

— עכ... האָט דער מאַרשאַלעק געקלאַפּט מיט דער פויסט אינעם טיש.

— ... אַז באַשנײַדן, זאָג איך, בעשומוים נישט. נאָר אַזוי אים פּײַנ אויפנעמען און קווידעמקאָל אויפן ייִדישן שטייגער לאָזן וואַקסן די באָרד...

— אַכ! — האָט זיך באַמ פּאָרעצ אַרויסגעריסן.

— האָקסטו מיר איבער, יאַשניע פּאַניע. — דער פּאַכטער איז בייז געוואָרן און האָט זיך אָנגעבלאָזן.

— נו, נו... — פּאַן קאָשיציקי האָט זיך אײַנגעהאַלטן און אים באַגיטיקט.

— און אַלקוש האָט מען אים אָנגעטאָן ייִדישע קליידער — האָט סירקים ווײַטער דערציילט — האָט ער דאָרט אויסטערליש גע־קריצט מיט די ציין און זיך געיאָגט נאָך די יינגלעך. וואָס האָבן זיך אויף אים נײַגעריקע הורמעסווײַז אָנגעוואָרפן, נישט אָפּצוטרעטן טאָג נאָך טאָג.

— באַשגיטנ האָט איר אים? — האָט זיך קאָשיציקי נישט גע־קאָנט מער אײַנהאַלטן און אוועקגעדרייט דעם קאָפּ אָן א זײַט.

— וואָס דײַגעסטו זיך, גנאָדיקער האַר, אַז איך האָב אויף זיך גע־נומען אַכטונג געבן.

— בענטקאָ, יאָ צי ניין?

— אוי, יאַשניע פּאַניע, האָקסט מיר שטענדיק איבער.

— נו, — האָט דער פּאָרעצ פֿאַרצווייפֿלט געזיפצט, — רייד.

— ...און אין איינעם א פרימאָרגן איז צו מיר אין שטוב, אין קראָקע, אַרײַנגעקומען א ייִד, זאָג איך דיר, יאַשניע פּאַניע, מיט באָרד און לאָקן בא די אויערן...

סירקים האָט געטשאַטעוועט און אויסגעקוקט צי וועט נישט קאָ־שיציקי מיט עפּעס א וואָרט איבעררײַסן. אָבער דער פּאָרעצ האָט פֿאַר־האַקט די קינבאַקן און געשוויגן.

— ...איך קוק און קוק, ווער איז דאָס? וואָס טויגן פּוסטע זאַכן; אונדזער פּאַן גולווויעצ איז אַנטלאָפֿן פֿון אַלקוש צו מיר קיין קראָקע...

קאָשיציקי איז אויפגעשפּרונגען פֿון זײַן שטול און זייער אויפגע־רעגט אָנגענומען סירקיסן בא דער פּלייצע.

— הער אויס! און איצט זאָלסטו מיר קיין ליגן נישט זאָגן, ווײַל נישט בלויז אויסשמײַסן — דערהאַרגענען אויפן אָרט וועל איך דיך, הערסט?

— ווי קאָן מען עס עפּעס אַזעלכע ווערטער נישט הערן?
— ווייסט עמעץ אַחוץ דיר די זאַך מיט מײַן איידעם?
— יאָ. איינער.
— ווער?
— איר, יאַשניע פּאַניע.
דער פּאָרעץ איז אויפגעשפּרונגען און האָט פון קאַס איבערן ווערטל אינגאַנצן געציטערט.
— היט זיך!
— יאָ? — אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויפן פּאַכ־טערס פּנים און אויפגעקילט דעם שליאַכטשיץ. ער האָט אים צע־טומלט געקוקט אין די אויגן און זיך געריסן די וואָנצעס.
— אַחוץ מיר און אײַך ווייס קיינער נישט ווער ער איז.
דער פּאָרעץ האָט אַ זיפץ געטאָן. — זאָג שוין ווײַטער. אַלץ אויפאַמאָל.
— כ׳וואָלט שוין לאַנג אַלץ געזאָגט, ווען איר האַקט מיר נישט איבער. אין קראָקע האָב איך זיך צו אים טוּיקעף גענומען. ער איז אָבער שוין אָנגעקומען ווייך ווי אַ רײַפע באַרן. אַהין און אַהער, דאָס און יענץ, איך דאָס מײַניקע, ער דאָס זײַניקע... און קיין גראָשן בײַ דער נשמה, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, פאַרלײַזיקט און ברודיק, איז ער אַזוי אויסטערליש בײַ זיך אין די אויגן אַראָפּגעפאַלן, אַז ער האָט שוין אַלצדינג מיט זיך געלאָזט מאַכן. האָב איך אים צוערשט גע־לאָזט אָפּשערן די יידישע האָר פון פּנים און דערנאָך אים אויס־געבאָדן, אויסגעפּוצט, און די קליידער, וואָס געהערן צו זײַן שטאַנד, אים פאַרשאַפט...
קאַשיצקי האָט ווידער אָנגעהויבן האַקן אין טיש אַרײַן.
— דו סקורטשיביק! דו פערד־פעלשער, רייד מיר דאָ נישט אַזוי־פיל. געלט ווילסטו? וויפל?
סירקיס האָט בײַטלדיק פאַרקנייטשט דאָס פּנים.
— ניט איך בײַ אײַך לײַ געלט, יאַשניע פּאַניע, און עמעצנס אַ געשריפטס מיט אַ חתימע ליגט דאָפּקע אין בענדיטס שקעטל. צו וואָס רעדט איר, געלט...
ער איז אויפגעשטאַנען פון שטול און האָט מיט אַ גלײַכגילטיקער שטים גיך געזאָגט:
— ער איז אײַנײַנעם מיט מיר געקומען און וואַרט אויף אײַער ענטפער אונטן אין סטולקאָוויצע, אין שראַגעס קרעטשמע.

פאַנ קאָשיצקי האָט א געטראָפענער א פראַל געטאָנ אָפּ צוריק. ער האָט אָנגעכאַפּט דעמ פאַכטער בא די פּלייצעס אונ גענומענ מיט אימ טרייסלענ.

— זאָג שוינ, האָט איר אימ באַשניטנ?

— שרייט ניט, יאַשניע פאַניע, ס'קאָנ נאָכ עמעצער הערנ.

קאָשיצקי האָט אימ טייקעפּ אָפּגעלאָזט. סירקים איז גיכ צו צו דער טיר אונ האָט א סיקע געטאָנ.

— פרעגט אימ אַלײנ, — ער איז גיכ ארויס.

— בעסטיע! יודאַש! — האָט אימ דער שליאַכטשיץ נאָכגעשריִענ אונ געטופּעט מיט די פיס פונ מעשוגענעמ קאַס.

אינ דער זעלבער רעגע איז סירקים צוריקגעקומענ אונ געבליבנ שטיינ בא דער טיר, האָט זיכ טיפ פאַרנייגט פאַרנ פּאָרעץ אונ זוי קיינמאָל גאָרנישט מיט געלאַסענער גלייכגילטיקייט געזאָגט:

— וואָס איכ האָב פאַרגעסנ, יאַשניע פאַניע, ביז איצט אונ ווײל איכ וועל לעבנ ווייסנ בלויז ער אונ מיר צוויי פונ יענער זאַכ. נאָר טאָמער שטאַרב איכ, אַזוי א ביסל פּלוצלינג, איר פאַרשטייט, שווער איכ איינ בא גאָט, יאַשניע פאַניע, אַז קיינ שום זאַכ אינ דער וועלט וועט ניט קאָנענ אָפּהאַלטנ אַזא איידל רעכילעס פונ דער שליאַכטיטעס אויערנ. אַזוי איז דאָס שוינ, יאַשניע פאַניע. דער סאָד איז באַהאַלטנ אינ א זיכער אָרט אונ האָט א שאַרפנ וואַכטער. איכ, יאַשניע פאַניע, בינ דער אונטערטעניקסטער פונ דיינע קנעכט...

דער פּאָרעץ האָט א שפּרונג געטאָנ.

— האַלט אימ!..

סירקים האָט ארײנגעשטעקט די פויסט צווישנ די ציינ.

— ששש!.. — אונ האָט וואָרענענדיק אופגעהויבנ א פינגער. ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיכ אונ שטיל געשעפּטשעט.

— ווערט מענ געוווּר, איז אפנ שײטער... ·

— דיכ מיט דײנ קרעציקער נ'עסט... — קאָשיצקי האָט געקײַכט פונ איינגעהאַלטענעמ קאַס.

סירקים האָט א כיכקע געטאָנ.

— הערט נאָר, יאַשניע פאַניע, ווי איר רעדט. אויב איכ וועל שטאַרבנ, אַזוי א ביסל פּלוצלינג, וועט מיר קיינ שײטער ניט שאַדנ. אונ אויב איכ וועל לעבנ אונ זײנ געזונט, איז דער סאָד באַהאַלטנ אינ זייער א זיכער אָרט.

ער האָט אויסגעבויגן דעם קאָפּ אין דער זייט פֿונעם פּאָרעץ און נאָך שטילער צוגעגעבן.

— ישׂ־בֿטער צי גישט... דער קיניג קאָן צונעמען דאָס פֿאַרמעגן. פֿאַן וואַלענטים נאָרן, אײַער טאָכטערס פֿאַרמעגן.

קאָשיצקי איז געשטאַנען מיט אויפֿגעהויבענע פֿויסטן און מיט אַ געעפֿנט פֿאַרקרימט מויל פֿון מעשוגענעם צאָרן. ער האָט אָבער גע־שוויגן, אַראָפּגעלאָזט צוריק די הענט, און פֿאַרצווייפֿלט געקוקט אויף סירקיסן, וואָס ער וועט נאָך אַזוינס זאָגן.

סירקיס האָט אַרײַנגענומען אַ פֿאַרמאַכטע פֿויסט צווישן די ציין.

— ששש!.. — און האָט וואָרנענדיק אויפֿגעהויבן אַ פֿינגער. דערנאָך האָט ער זיך טיף פֿאַרנייגט און איז אַרויס.

דער פּאָרעץ האָט זיך מיט ביידע הענט אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ.

— אוי מאַטקאָ באָסקאַ נײַמילייִשאַ...

# דרײַצנטער קאַפּיטל

פאַן קאָשיצקי האָט זיך דעם קאָפּ צעמוטשעט און נישט געקאָנט געפינען קיין וועג. ווײַטער טײַנען מיט סירקיסן, האָט ער געוווּסט, איז אומזיסט, מער וועט ער פון אים נישט ארויסבאקומען, אויב ער האָט זיך צוליב עפעס אײַנגעשפּאַרט נישט מער צו ריידן.

זאָל ער אים אופנעמען, דעם איידעם, ווי קיינמאָל גאָרנישט, איבערגעבן אים די טאָכטער, אָדער אים פאַרטרײַבן? און אז ער וועט אים יאָגן אין פאַרצווייפלונג, איז וואָס קאָן נאָך געשען מיט זײַן טאָכטערס פאַרמעגן?

ער איז אליין אראָפּגעריטן קיין סטוליקאָוויצע, קעדיי קיינער זאָל נישט וויסן. נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעקוקט גולוויעצן אין זײַן מאָדנער גלײַכגילטיקער דערשלאָגנקײַט, האָט ער אים קוידעמקאָל געהייסן טייקעף אוועקפאָרן פונדאַנען אריבער די ווײַסל און אין בזשעסקאָ וואַרטן אַף זײַן ענטפער. אָבער איידער ער איז פון אים אוועק, איז אים עפעס אײַנגעפאלן. ער האָט אוועקגעקוקט אין א זײַט און אָנגעהויבן.

— ווייסטו, וואַטשפּאַניע... דאָס יידל, ווי הייסט ער דאָרט, בראַמקאָ, איז דעמלט פון דער וווּנד בכלל נישט געשטאָרבן, סולעיאָוויטשנס פּאָרטל געווען: אים ערשט נישט אַרויסגעבן צו ד' יידן, און דערנאָך זיי שיקן א בלעכענע טרומנע צוגעלייטעוועט און אָנגעפילט מיט שטיינער. בראַמעק האָט אָנגענומען דעם קזשעסט און לעבט איצט אין דער בורסע בא די יעזויִטן אין קראָקע.

בא די ערשטע ווערטער האָט זיך גולוויעצעס פּנים א ביסל באלעבט. ער האָט אָפּ זײַן שווער דול געשטארט. אָבער באלד איז ער ווידער גלײַכגילטיק געוואָרן און אראָפּגעלאָזט די אויגן. ער האָט א מאך געטאָן מיט דער האנט.

— וואָס, דו גלייבסט נישט? פאַרוואָר זאָל מיר אזוי פאַן בוג העלפן... אין דער בורסא פילאָזאָפאָרום בא די יעזויטן און קראָקע קאָנסטו אים זען. פאַוועל הייסט ער איצט נאָכן קזשעסט, פּאַוועל סטולקאָוויטש. קאָנסט פרעגן סוליעאָוויטשן, כאָטש פאר אנדערע מוז דאָס בלײַבן א סוד. וואלקו, גלייב מיר.

גולוויעצ האָט מיד אראָפּגעלאָזט די האנט איבערן בענקל.

— אָבער איך גלייב אײַך האָב, וואַטשפּאַניע... איך גלייב... נו, גוט...

— דו גלייבסט נישט. פאַר אהין, וועסטו אים דערקענען. איך שווער דיר בא הער הייליקסטער פּאננא מאריא. א פּאַרטל געווען פּין פארשאָלטענעם סוליעאָוויטש. ער לעבט, דער בראמעק.

גולוויעצ האָט אופגעהויבן זײַנע אויסגעלאָשענע אויגן.

— וואָסער בראמעק?... — האָט ער נאָכגעטראכט און זיך באמיט דערמאָנען. — אה... נו, לעבט ער, איז גוט. איך גלייב אײַך... — ער איז געוואָרן אין כּעס. — וואָס, צום טײַוולס עלטערזיידן, גייט ער מיך אָן? זאָל ער לעבן צי נישט... —

פּלוצעם איז ער אופגעשפּרונגען.

— וואָס גייט מיך דאָס אלצדינג אָן... הערט איר? לעבט ער... גוט, נישט... זאָל ער פארוואלגערט ווערן אין די אונטערשטע היילן פון גענעם. און מיך לאָזט צורו.

דער מארשאלעק האָט א צי געטאָן מיט די פּלייצעס, אומזיכער אָפּ אים געקוקט און נישט געזאָגט מער גאָרנישט. ער איז ארויס פון שטוב און אזוי לאנג געווארט אין דער קרעטשמע, ביז מע האָט אײַנגעשפּאנט, און גולוויעצ איז אָפּגעפאָרן קיין בזשעסקאָ. ער האָט אים איצט שוין גאָרנישט מער פארטרויט.

---

און באלד ווי קאָשיצקי איז צוריק קיין קאָשיצע, האָט ער צו זיך ארײַנגערופן זײַנע אייביקע גאסט און אלטע גוטע פרײַנט פאַן סוליעאָוויטש, וואָס מיט אים פלעגט ער זיך אין אלע אידעלע זאכן באַדינען און באראָטן. ער האָט אים גאָרנישט דערציילט, אים בלויז גע-

בעטן, ער זאָל פאָרן קיין קראָקע און זיך גאָכאמאָל אומעטום דער־פרעגן וועגן גאָלוויעצן, צי ער געפינט זיך נישט דאָרט ערגעץ־וווּ און צי מע ווייסט נישט עפּעס פון אים.

— קיין אָרט זאָלסטו מיר נישט אויסמיידן, — האָט ער אָנגע־זאָגט — און געמיינע ערטער זאָלן דיך נישט אָפּשרעקן.

— אַוואַדע — האָט סולעיאָוויטש געזשמורעט די אויגן — בײַ די מאָנאַשקעס אין קלויסטער וועל איך אים נישט זוכן.

נאָך דריי טעג איז סולעיאָווישט צוריקגעקומען, אָבער עפּעס זי־כערס צו דערציילן האָט ער נישט געהאַט.

—... דוכט זיך, ער איז געווען אַפּ דער יאַסנע גורא אין טשענ־סטעכעוו, עטלעכע מענטשן האָבן מיר דאָס געזאָגט. איינער, אַ שלאַכטשיץ, פאַן ווינצענטי פּילאַ, האָט מיר בײַ דער הייליקסטער פּאַננאַ געשוואָרן, אַז ער האָט אים דאָרט געזען מיט אַ געשווירענעם קאָפּ, ווי אַ מאָנאַך, און אַז ער האָט זיך געלאָזט פון אים בענטשן. אַן אַנדערער פּאַרשוין, וואָס איז מיט דעם דערמאָנטן פּילאַ אינן שענק געזעסן, האָט נאָך צוגעגעבן, אַז גאָלוויעצ האָט אַ שעם פון אַ גרויסן אַסקעט און אַ הייליקן מאַג. פּאַן טישאָוויעצקי, וואָס איך האָב אים אויפגעזוכט, האָט מיך נאָך בייז אָפּגעזידלט און מיר געשטּפּערט, ווי קאָנ צו גאָט: וואָס בין איך עפּעס, מאָספּאַניע... שרײַט ער, און דער טײַוול ווייסט פאַרוואָס ער שרײַט... זײַן ניאַנקע, צי זײַן היטער, צי וואָס? נאַ דיר גאָר! יאַשליצקי, וויגאָש און אילשאַ האָבן אים צײַט זעקס באַדאָשים נישט געזען. זיי האָבן געהערט, אַז ער איז אַרויסגעפאָרן מיט עפּעס אַ קיניגלעכער שליכעס קיין ווין. און מיכאַלעק, זײַן דינער, האָט מיר בעסאָד אײַנגערוימט, אַז זײַן האַר האָט צונויפגעקלאַפּט אַ באַנדע זבויעס אין די קאַרפּאַטן און האָט געראַובערט צווישן לופּקאָוו און לאַוואָטשנע ביז אַראָפּ קיין יאַבּ־לאָניצע, און אַז מע האָט אים לעסאָפּ צוריק מיט צוויי וואָכן בייסן אָנפּאַל אַפן שטעטעלע פּערעהינסקאָ געכאַפּט און אויפגעהאַנגען אוי־ניינעם מיט זײַנע רויבערס, נישט ווייסנדיק ווער ער איז. קורץ, נישט דערמאָנענדיק נאָך אַ מער ווילדע זאַך, זײַנען עס לויטער פּוסטע בײַדעס...

דער מאַרשאַלעק איז בלאַס געוואָרן.

— וואָס אַשטייגער פאַר אַ ווילדערע זאַך?

— וויעלון־ריבטשינסקי, אַן אָרנטלעכער און רײַכער שטאָטער און סוחער האָט מיר דערציילט, אַז זײַן יינגערער זון פּיאָטער האָט

גולוויעצן געזעסן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און אַז ער איז דאָס און נישט קיין אַנדערער דער גרויס־וועזיר און הויפּט־מאַן איבער אַלע יאַגיטשאַרן פֿונעם פּאַדישאַך.

דער מאַרשאַלעק האָט אָפּגעאָטעמט. ער האָט זיך אַזש צעלאַכט. שיינע נייַעס ברענגט ער דאָס...

— זאָג איך דאָך, — סולעיאָוויטש האָט זיך געקראַצט זייַן גראָ־שפּיציק בערדל און אַסאַך קליינע קנייטשעלעך האָבן זיך באַוויזן אַרום זייַנע ביטערע אויגן — לויטער ביידעס און פּוסטע זאַכן. עמעס איז אַזוי־פֿיל, אַז ער איז פֿאַרשוווּנדן און נישטאָ.

— באַ די ייִדן אַפֿן קאַזימיעזש און אַפֿן קלעפּאַר האָסטו זיך דערפֿרעגט? — פֿאַרזיכטיק האָט ער צוגעגעבן: — וואָס קיינער ווייסט נישט ווייסן זיי דיר.

— האַ־האָ!.. נו, האָב איך נישט געפֿרעגט? כ׳האָב דאָך מיט זיי אָנגעהויבן. איך זאָל דאָס זאָגן... דאָס מינדסטע! ווי אין וואַסער געפֿאַלן. זייַן פֿאָטער לאַזאַר ליגט שוין דאָס צווייטע מאָל פֿאַרכט־געלט צו זייַנע אַלטע זיידן.

— און דעם האָסטו געפֿרעגט? — דער מאַרשאַלעק איז ווידער צעטראָגן געוואָרן.

— דער... — סולעיאָוויטש האָט מיט ביטל אויסגעקרימט דאָס מויל — ער בלאָזט זיך ווי שטענדיק און שווייַגט ווי א געץ. לייַט זאָגן, אַז ער איז שוין צוואַנציק יאָר מעשוגע.

— זאָג נאָר, אַספּאַניע — האָט דער מאַרשאַלעק איבערגעריסן — מיט דעם רעכטסגעלערנטן האָסטו גערעדט?

— אוי, אָנגעלאַכט האָבן מיר זיך מיט פּאַן קאַיעטאַן קורטאַ, דעם געזעצן־שלינגער. ס׳איז גאָרנישט געווען קיין שלעכטער פּאָרטל, וואָס איך האָב דיר געראָטן. און ווייסטו, מאָשטשי פּאַניע, פֿאַרוואָס די ייִדן האָבן באַ דיר ניט געמאָנט בראַמעקס גוף אויך גאָכדעם, ווי זיי האָבן געזען, אַז אין דער צוגעליוטעוועטער טרומנע ליגן בלויז שטיינער און שמאַטעס? דערפֿאַר, ווייַל זיי האָבן די טרומנע ביז־לאַל נישט געעפֿנט...

— צי ס׳איז געווען אַזאַ גוטער פּאָרטל... נו, דער טייַוול ווייסט.— האָט זיך קאָשיצקי אָנגעכמורעט.

— וויִאַזוי? וועמען האָט דאָס געשאַדט? — סוליעאָוויטש האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט.

— נו, גלאַט... — האָט קאָשיצקי באַגיטיקט — עפּעס איז מיר דאָ נישט צומ האַרצנ.

סולעיאָוויטש האָט אַ רעגע געשוויגנ אונ פאָרשנדיק געקוקט אימ אינ פּאָנעמ אַרײַנ. דער מאַרשאַלעק האָט זיכ צעטומלט. ער האָט אויכגעקרימט דאָס פּאָנעמ מיט אַנ אָנגעשטעלטנ געלעכטער.

— וואָס האָט ער דיר דאָרט פריילעכס דערציילט, דער קאיעטאנ קורטא, אַפּ שפּיצלעכ איז ער דאָכ אַ מײַסטער.

אַ נישט דערטראַכטער געדאַנק וועגנ עפּעס אומקלאָרס איז סולעיאָוויטשנ אַרויסגעפלויגנ פונ קאָפּ. ער האָט זיכ ברייט צעלאַכט אונ זיכ געקלאַפּט אינ די זײַטנ.

— ...ווי מיר האָבנ זיי אַרויסגעגעבנ די טרומנע, זײַנענ זיי דאָכ באַלד מיט גרויס געוויינ אונ געשריי אָפּגעפאָרנ מיט איר קיינ קראָקע, פאָלגנדיק דײַנ באַפעל אימ נישט צו באַגראָבנ אינ קאָשיצע. אינ קראָקע איז זיכ טייקעפּ דער גאַנצער ייִדישער קאַהאַל צונויפגעלאָפנ אונ זיי האָבנ באַשלאָסנ, אַז ווײַל דער טויטער איז שוינ העכער פיר טאָג טויט, איז דאָס אימ נישט צומ קאָוועד אויפצוברעכנ די בלעכערנע טרומנע אונ צו באַגראָבנ דעמ בלויזנ קערפער ווי זייער געזעצ איז. כאָצדעמ האָבנ זיי האָרט זייער הערעטישנ זאַבאַבאָנ דערהאַרגעטע צו באַגראָבנ אינ אַזאַ צושטאַנד, ווי זיי ווערנ געפונענ, קעדיי די נעשאָמע זאָל מיט איר קערפּערס פאַרבלוטיקטנ אונ אָפּגעלאָזענעמ אויסזעונ מאָנענ נעקאָמע בײַ גאָט...

— זאָל זיי גאָטס האַנט דערשלאָגנ!.. — האָט זיכ דער מאַרשאַלעק געווּנדערט.

— ...אַזוי האָבנ זיי די טרומנע מיט זייער גרויסנ קאָוועד אונ מיט הייליקע אָבזשאַנדיקעס באַגראָבנ. וואָרעמ מוזט וויסנ, אַז אייגעמ וואָס איז פונ קריסטלעכער האַנט דערהאַרגעט געוואָרנ, האַלטנ זיי פאַר אַ הייליקנ. זיי בעטנ האָרט אַפּ זײַנ קייווער, ווי צו אַ שוויענטי.

— אַכ־הע... דער מאַרשאַלעק האָט אינגאַנצנ פאַרגעסנ זײַנע שווערע דײַגעס אונ געקײַכט פונ געלעכטער.

— פונוואַנענ ווייסט ער דאָס אַלצ, דער הונטס־ברודער?

— אוי, וואָס וואָר איז וואָר, אַ קלוגע שעלמע איז ער דיר, וואַטשפּאַניע, דאָס קאָנ מענ נישט לייקענענ. דער ייִדנ־עלטסטער בענדיט סירקיס האָט עפּעס דערשמעקט וועגנ דער טרומנע. איז ער געקומענ צו פּאַנ קורטא, געפרוווט עפּעס אַרויסבאַקומענ. ער רייצט אימ אונ רייצט... פּאַנ קורטא גאָרנישט. ער דערציילט אימ כאָכמעס איבער

כאָכמעס... פאנ קורטא הערט זיכ אײנ אונ שווײַגט, בלויז אמאָל א וואָרט ארײַנגעוואָרפנ, ווי א צווענגל, אונ דערמיט פונ אים סטיגנגעם געצויגנ. דו ביסט א קלוגער? פאנ קורטא איז נאָכ קליגער. כירקיס מאכט שוינ אָפנ כווזעק, רעדט קלאָר, אז אײנ טרומנע איז גאָר־נישט געלעגנ, נאָר דער געזעצנ־פרעסער שווײַגט אלץ אונ מרוקעט. כוויזעקט דער ייִד אונ דערצײלט, קעדײַ צו רײצנ די אמביציע פונ פאנ קורטא אפ אונדזער רעליגיע, שפּאָט אָפ אונ טשאטעוועט אפ אנ ארויסגעכאפּט וואָרט... ביז ער האָט אלײנ אלץ אויסדערצײלט. אונ אז פאנ קורטא גיט נישט אפ אים א געשריי: — וואָס באטשקעסטו מיר דאָ? וואָסער טרומנע, וואָסער קערפּער? אוי, וואטשפּאניע, געווינטשנ וואָלט איכ מיר זענ דערמלט דעם ייִדנס פּאָנעם...

קאָשיצקי איז ווידער מיטאמאָל ערנסט אונ אומגעדולדיק געוואָרנ.

— הער, אונ וועגנ אונדזער זאכ?

— א גוטע אײצע געווענ, וואטשפּאניע. פאר דער וועלט אונ פארנ געריכט איז נישט אנדערש: ער האָט דעם ייִדנ דערהארגעט. אזא הארגענענ, כאָטש אפילע א ייִדנ, אָנ שום סיבעס אונ אינ דער אײגענער כאסענע־נאכט צווישנ געסט אונ אײדעלע פרויענ, דערצו נאָכ זײַנ פּלוצעמדיק פארשווונדנ־ווערנ אפ אזא לאנגער צײַט... איז א היפּשער באווײַז פונ שיגאָענ אונ ער דארפ פאר זײַנ פארמעגנ אנ אפּיטראָפּעס: קורא אינסאניטא, וואטשפּאניע... אויכ דאָס איז שוינ עפּעס, וואָס דער בראמעק איז געווענ דער מאנ פונ יענער מויד, וואָס גולוויעצ האָט א טאָג פריִער געוואָלט שוועכנ, נים אכטנדיק דעם קאָוועד פונ געסט אונ פרעמדע, וואָס זײַנענ דערבײַ קימאט געשטאנענ... דעמ נאָדנ אונ פאני אגניעשקעס פארמעגנ קאָנ מענ אים פארווערנ אָנ טײַנעס ביז דער מישפּעט וועט זיכ אויסקאָכנ. אָבער אפילע צו זײַנ פארמעג האָט אײַער פאני טאָכטער, ווי איכ האָב אײַכ שוינ דערמלט געזאָגט, וואטשפּאניע, פּרעטענזיעס. זי איז דאָכ זײַנ יורעשטע, זײַנ עמעסדיק ווײַב אונ ער ווי א קראנקער דארפ אפּיטראָפּעס, פּארשטייסטו, וואטשפּאניע?.. א דיספּענס באמ פּויפּסט אפ נאָכאמאָל כאסענע האָבנ, איז דאָס איז שוינ שווערער, דאָס מוז שוינ קאָסטנ א סאכ.

— אונ אשטייגער אזוי, מע זאָל אים איבערגעבנ צו די געריכטנ?

— וויאזוי איז דאָס מעגלעכ? ער איז דאָכ נישטאָ.

— נו, יאָ... אָבער לאָמיר זאָגנ ער וועט זיכ אינ א צײַט ארום געפינענ?

סולעיאָוויטש האָט נאָכגעטראַכט און געשאָקלט מיטנ קאָפּ.

— ניינ. דער סאָד מיט דער פוסטער טרומנע איז נישט געווענ זי־כער. מע קאָנ זי, לעמאָשל, אויסגראָבנ אונ געפינענ א ליידיקע. אונ אפילע אויב דער סאָד וואָלט זיכער געווענ, איז וואָס קאָנ אים שוינ דערפונ געשענ? א שטיק פאַרמעג וועט דאָס קאָסטנ, מער גאָרנישט, דײַנ טאָכטערס געלט סײַווי....

— יאָ.

— ...איז זיך גוט צונויפגעקומענ, וואָס מיר האָבנ בראַמעקנ אויס־געגעבנ פאַר געהאַרגעט. אונ א מיצווע פאַר גאָט איז דאָס אגעוו נישט קיינ קליינע. איך זאָג דיר, וואַטשפּאַניע, איך האָב מיר אים אָנ־געקוקט, אונדזער פּאַוועל אינ דער בורסא, מיט צענ יאָר איז ער יינגער געוואָרנ. איצט ערשט זעט מענ, אז ס'איז דאָך נאָך א יינגל, א יונגאַט. אוי, אונ ער ספּראַוועט זיך דאָס צווישנ די זשאַקעס אונ ער לערנט דאָס מיט פלײַס. וועסט זענ, א גרויסער גאָט־געלערטער וועט פונ אים ארויס אונ א באַשיצער פונ דער הייליקער קירכע. זײַנ געמיי־נע אָפּשטאַמונג האָט ער שוינ אויסגעמעקט, אונ אז סע קומט דער שווי־ענטי נישעגאָזש, דער טאָג פונ קאָזובאַלעצ, ווענ די שילערס וואַרפנ זיך אפ ייִדישע קרעמערלעך אָפּגעמענ לייז־געלט פאַר שרײַבוואַרג, גייט ער זשוואַווע אויבנאָנ, א פרייד צו קוקנ, האָבנ מיר די פּאַטערס יעזויִטנ דערציילט...

---

וואָס האָט פאַנ קאָשיצקי געזאָלט טאָנ? דערווײַל האָט ער קיינ אַנ־דערע אייצע נישט געזענ ווי דער טאָכטער בעסאָד דערציילנ, אז איר מאַנ איז אָנגעקומענ אונ אז ער וויל זי צו זיך נעמענ.

האָס נײַס האָט זי זייער צערודערט. זי האָט אָנגעהויבנ וויינענ.

— ווו איז ער געווענ ביז איצט, דער אומגליקלעכער...

— צי וויל זי מיט אים גיינ?

זי האָט טייקעפּ באַשלאָסנ, יאָ, ווי אַנדערש? זי איז דאָך זײַנ ווײַב פאַר גאָט אונ פאַר מענטשנ. דעם מאַרשאַלעק האָט דאָס פאַר־קלעמט. אויב ער האָט דעמלט אינ דער כאָסענע־נאַכט געהאַלטנ איר אופירונג פאַר איבערגעטריבנ, האָט ער איצט בא זיך אינ הארצנ גע־מוזט מודע זײַנ, אז זי מעג פאַר אים מורע האָבנ. ער האָט איר דאָס געגעבנ אָנצוהערנ, נאָר זי האָט אים פאַרצווייפלט געענטפערט.

— צי איז ער נישט מײַנ האַר אונ מאַנ? וויל ער, זאָל ער מיך הארגענענ. לאָז מיך.... — אונ האָט זיך צעוויינט.

און אזוי איז עס געבליבן. גולוויעץ איז צוריקגעקומען קיין קאָשיצע.

וועגן דעם, אז בראַמעק לעבט, האָט קאָשיצקי באַטראַכט דערוויַיל צו שוויַיגן. בראַמעקס קלוימערשטער טויט האָט נאָך געקאָנט צונוץ קומען. ערשט האָט ער געוואָלט זען ווי גולוויעץ וועט זיך פירן.

און אויב גולוויעץ וועט זיך יאָ בעסערן און מע וועט אים פונדעסטוועגן פאָרט אַמאָל רופן צום געריכט, וועט ער גרינג קאָנען באַוויַיזן, ווי אומגערעכט די באַשולדיקונג איז און נישט נאָר זיך פאַרענטפערן, נאָר אַפילו הויבן זיַין קאָוועד און אָנזען.

ס'איז אָבער דערצו נישט געקומען. וועגן בראַמעקן האָט מען פאַרגעסן, און אז ער לעבט איז געבליבן א סאָד.

באַלד נאָך זיַין קומען איז גולוויעץ קראַנק געוואָרן. וואָכן גאַנצע איז ער געלעגן אין פיבער. זיַין וויַיב איז פון אים נישט אָפּגעטראָטן, ביז ער איז ווידער געזונט געוואָרן.

און גראָד דעמלט האָט געדאַרפט פאָרקומען דער גרויסער באַל בא פאַן ניקאָדעם קאַלינסקי אין סטאָפּניצע, א נאָענטן שאָכן און גוטן פריַינט פונעם מאַרשאַלעק. האָט מען באַשלאָסן זיך באַנוצן מיט דער פאַסיקער געלעגנהייט אָפּ צוריק אַריַינצופירן אין דער שליאַכטעצקער כאַווריַיע אומבאַמערקט און אָן ראַש דעם פאַן וואַלענטי גולוויעץ און אַזויאַרום וועגן זיַין צוריקקומען און איבערבעטעניש אַלעמען צו וויסן געבן.

# פערצנטער קאַפּיטל

באַלד אינ אָנהייב פונעם גרויסנ באַל האָבנ אַלע באַמערקט גולוויעצנ. אונ מע האָט זיכ שטאַרק געוווּנדערט. אונ כאָטש אַרײַנגעקומענ אינעם זאַל איז ער אינײַנעם מיט זײַנ שוועער אונ ווײַב אונ מיט דעם זונ פונעם באַלעבאָס, דעם יונגנ קריזאָסטאָמ קאַלינסקי, האָבנ אַלע דערפילט איג זיינ אַהערקומענ אַ ניט פּאַסיקע זאַכ, אונ מע האָט מוירע געהאַט עס זאָל זיכ נישט ענדיקנ שלעכט.

דעם ביסקופּ יאַנ קאַנטי אָסאָוויעצ, וואָס איז גראָד געווענ אונטערוועגנס קיינ לובלינ, האָבנ די קאַלינסקיס אַפּ עטלעכע טעג פאַרהאַלטנ, דעריבער איז ער אויכ געווענ אַפנ באַל. אונ ווי נאָר ער האָט דערזענ גולוויעצנ, האָט ער זיכ אָנ אימ טייקעפּ דערמאָנט, אַז ער איז בא אימ געווענ אַפּ ספּאָוויעדזש אינעם קלויסטער פונ די מאַגדאַלענקעס אינ קראָקע.

ער איז געווענ זייער אַ כיטרער, פונ אַ שטאָטישער מישפּאָכע, אונ האָט זיכ דורכ באַטראַכטער אײַנגעשפּאַרטקײַט דערשלאָגנ צו דעם, וואָס ער איז געוואָרנ. ער האָט געהערט צו די מענטשנ, וואָס האָבנ ליב אײַנצושטעלנ זאָל זײַנ אַ קליינע מאַטבייע אַפּ אַ פאַרוואַלגערטער קאָרט. האָט ער טייקעפּ דערפילט, ווי מע האַלט זיכ דאָ צו גולוויעצנ, אונ האָט זיכ גיכ באַטראַכט ווי שטאַרק אַזאַ פּאַרשוינ קאָנ זיכ שפּעטער צונוצ קומענ אונ וויפל סע קאָנ ווערט זײַנ שפּעטערדיקע דאַנקבאַרקײַט פאַר אַ גוט וואָרט איצט.

איז ער צו אימ צוגעגאַנגענ אונ איבער דער מאָס האַרצלעכ זיכ

מיט אימ באגריסט, ווי אנ אלטנ גוטנ פרײַנט טײַקעפ גענומענ אונטערנ אָרעמ אונ מיט אימ שמועסנדיק געגאנגענ ארופ אונ אראָפ.

אינ זאל האָבנ זיכ ארומגעטראָגנ אויסטערליש ווילדע מײַסעס וועגנ גולוויעצנ, אונ פלוצלינג האָט מענ זיכ דערציילט, אז ער איז געוואָרנ א הערעטיקער, א „פינטשעווער", א סאָציניאנער צי א סעמי־יודעוס, אונ אז ער ריכט אָפ אופ זײַנ גוט בא קראָקע מעסעס פארנ טײַוול.

ער האָט דאָכ געשעמט אינ דער פראָווינצ, האָבנ איצט אָפ אימ די פרויענ אונ די פאננעס געגלאָצט מיט נײַגעריקײַט. דעמ יונגנ קאלינסקיס פרוי, פאני קאטאזשינא האָט זיכ איבערגעבויגנ צו זײַער א פרײַלעכ מיידל, וואָס האָט אלצ די גאנצע צײַט געלאכט, אונ איר עפעס אײַנגערוימט אינ אויער. דאָס מיידל האָט זיכ פארשעמט אונ איז רויט געוואָרנ. נאָכ אלצ לאכנדיק אונ מיט פארפלאמטע באקנ פונ שעמעניש האָט זי איבערגעפרעגט: — ווי בא די מוסולמאנער?

— אוודע.. — האָט פאני קאטאזשינא געכיכקעט.

נאָר אזויבאלד די יעדיע האָט זיכ צעטראָגנ איבער צווישנ די איבעריקע מיידלעכ אונ ס'האָט זיכ אָנגעהויבנ א מיידליש שושקענ, האָט פאני קאטאזשינא פונ זיי גוט אָפגעשפעט אונ כויזעק געמאכט, וואָס זיי האָבנ זיכ געלאָזט אזוי אָפנארנ.

סולעיאָוויטש האָט וועגנ דעמ אלעמ טײַקעפ צוגעטראָגנ דעמ פאנ קאָשיצקי, וואָס האָט זיכ אינווייניק געוואָרפנ פונ קאס. — א גרימ פונ בענדיט סירקיס. דאָס וואָרנט ער אזוי.

אָבער איצט, ווענ מע האָט געזענ גולוויעצנ אינאײַנעמ מיטנ ביסקופ אָסאָוויעצ, האָט זיכ אנ אלטער ליטווישער פולקאָווניק, יעזשי סטאָקליצקי, וואָס איז מיט גולוויעצנ גוט באקאנט געווענ נאָכ פונ דער צײַט פונ קעגנ די טערקנ בא כאָטשימ, נישט מער געקאָנט אײַנהאלטנ אונ אימ גוט־ברודעריש ארומגענומענ.

אונ דאָ איז שוינ אויכ פאנ קאָשיצקי צוגעקומענ אינאײַנעמ מיטנ גרײַז־אלטנ קאשטעלאנ וועספאזיאנ וויעלונסקי, אנ אלטער פרײַנט פונ גולוויעצנס זיידנ, אונ פארשיידענע אנדערע לאנג־וואָנסיקע פאננעס, וואָס האָבנ אימ נאָכ צוריק מיט א ווײַלע אויסגעמיטנ ווי א בייזוואונדער, האָבנ זיכ איצט צו אימ געשטופט.

האָט מענ זיכ צווישנ דער האָרפישער שליאכטע אײַנגערוימט, אז גולוויעצ איז געוואָרנ זײַער אָנגעזענ באמ נאָיאסנעישי יעגאָ=

מאָשטש דעמ קיניג, וואָס האָט אימ געשיקט אינ שליכעס צומ עסטרייכישנ הויפ.

די פריציים האָבנ אימ גוטברודעריש ארומגערינגלט, אלע האָבנ מיט אימ געטרונקענ, אונ אלע האָבנ געוואָלט מיט אימ ריידנ.

נאָכ מיטנאַכט איז גולוויעצ געזעסנ טויט־שיקער אינ דער מיט פונ א כעווּרע, הירעוודיק אונ ליאַרעמדיק, ווי אינ אַמאָליקע צייטנ דערציילט מעסעס, געוואָרפנ מיט ווערטלעכ, זיכ דערמאָנט אלטע מילכאָמע־פּאַסירונגענ מיטנ פּולקאָווניק סטאָקליצקי, געפּראַוועט מיט אלעמענ, זיכ גוטברודעריש ארומגענומענ אונ געקושט.

— אוי, ברודערס, — האָט ער געשריגנ, — האָב איכ געמיינט, אַז איר האָט מיכ פיינט פאר מיינע זינד...

— נישטאָ וואָס צו ריידנ...—האָט אימ זיינ שווער געהיט אונ אומרויִק איבערגעהאַקט. — האָסט זיכ מיר גוט איינגעגעבנ...

— פאַרוואָס נישט?... ברודערס זיינענ דאָכ דאָס אלצ... — אינ האָט זיכ שיקער צעלאַכט.

נאָכ גוט, וואָס אלע זיינענ פּונקט אזוי שיקער געווענ ווי ער אונ קיינער האָט נישט אונטערגעשטעלט קיינ אויער. ער אליינ האָט באַלד פאַרגעסנ, וואָס ער האָט געוואָלט ריידנ.

— איי... ברודערס! — גולוויעצ האָט א הייב געטאָנ דעמ אָרעמ אונ שיקער געטרייסלט מיט דער נאָכהענגענדיקער האַנט. — איי, זאָג איכ אייַכ, א נעקייווע... מצ... מצ... או־הו...

ארומ אונ ארומ האָט זיכ א שיט געטאָנ א הירזשענדיק געלעכטער.

— וואָסער נעקייווע? — האָט מיט א ווייבעריש קוויטשיקער שטימ, א פרעג געטאָנ דער טעמפּער אונ ריזיקער יאַנ הודימטש, א זונ פונ א רייַכנ דאָרפישנ שליאַכטשיצ.

— אוי, — גולוויעצ האָט פאַרמאַכט די אויגנ אונ געעפנט דאָס מויל מיט קוויקעניש — אוי, איז זי דיר א כיינעוודיקע, א שמיג־לע... אוי־יוי־יאָי...

— הוהו... — האָט זיכ די כעווּרע פוסט צעלאַכט.

גולוויעצ האָט אַפּגעוואָרפנ זיינע לאַנגע פיס, צוריקגעשפּאַרט דעמ קאָפּ אפנ אָנלענ אונ ארומגענומענ די פּלייצעס פונ די, וואָס זיינענ נעבנ אימ געזעסנ.

— א קאַצ, זאָג איכ אייַכ, פאַנאָוויע, — האָט ער וויַיטער גע־מיינעט...—אַז זי שפּרינגט דיר נישט אינ פּאָנעמ אַרייַנ, אונ קראַצט,

אז זי בײַסט דיר נישט די פינגער... אָט, זעסטו, דאָס לעפּל דאָ פונ אויער שיר נישט אָפּגעביסנ.

— וואָסער נעקײַוועלע? — קוויטשעט אַלץ יאָנ דודיטש אײַנגעשפּאַרט אונ קײנער ענטפערט אימ נישט.

— א שלאַנג איז גאָרנישט קעגנ איר. קוים דריקסטו זי שוינ צו באַמ קאָפּ, הײבנ זיך איר די פיס ווי א ספּרוזשינע אײַנדערלופטנ, ווי אפנ קאָפּ זיך צו שטעלנ. אונ דריקסטו איר צו די פיס אונ מײנסטו האַלטסטו זי, הײבט זיך איר דער קאָפּ, רײַסט זי דיר די האָר, גאַנצע קלעמבעס, בײַסט, זשריאָכעט, שרײַט, אונ אײדער וואָס... פּר-ר-ר!.. זי איז דיר פונ די הענט אַרויסגעפּלויגנ.

גולוויעצ האָט אַראָפּגענומענ אײנ האַנט פונ עמעצנס א פּלײצע אונ אָנגעהויבנ מיט איר פירנ אינ דער לופט.

— אזעלכע זעסטו, דאַרפ מענ אזוי, די האָר פּעסט א וויקל טאָנ אַרומ דער האַנט, — ער האָט שיקער געטרײסלט מיטנ אָרעמ — אונ טראַסק אינ א זײַט, חושיאָכ!..

— וואָסער נעקײַוועלע? — האָט אימ דודיטש געצויגנ באַמ ארבל.

— אהער דאָס ווײַבל! — גולוויעצ האָט דודיטשנ מיט קויעכ אוועקגעשטופּט.

— וואָסער ווײַבל? — האָט דודיטש אויסגעגלאָצט אפּ אימ די אויגנ.

— דײַנ ווײַבל צו אַלדי שוואַרצע טײַוול...

אַלע זײַנענ פּלוצעמ שטיל געוואָרנ אונ זיך טײקעפּ א ביסל אויסגעניכטערט. דודיטש איז א ווײַלע געזעסנ ווי מיט א קײל דערשלאָגנ. ער האָט אײַנגעבויגנ זײַנ ריזיקנ אָקסישנ קאַרק אונ האָט טעמפּ געגלאָצט.

אונ באַלד האָט זיך זײַנ פעטער קאַרק אָנגעגאָסנ מיט בלוט, וואָס איז גיכ אַרופּ אינ קאָפּ אַרײַנ. ער האָט א הײב געטאָנ פונ אָרט זײַנ ריזיקנ גופּ אונ מיט אנ אײַנגעבויגענעמ קאָפּ געבאָרכלט.

— א... א-א-אה... דו... וועמעס, זאָגסטו, ווײַב? — אונ מיט שיקערער אומגעלומפּערטקײַט האָט ער זיך געטאַפּט מיט דער האַנט אינ דער זײַט פונעמ שטילעט.

גולוויעצ האָט אימ אָנגעקוקט פונ אונטנ אַרופּ אונ שפּאָטיש געשאָקלט מיטנ קאָפּ. ער האָט זיך געריסנ פונ זײַנ אָרט, אײַסטערליש שיקער האָט ער זיך קוים געקאָנט אופּהײבנ אונ האָט זיך קעסײדער געוואַקלט אינעמ פּאַס, מיט די הענט געמאַכט אונ זיך געקײַקלט אפּ די פיס.

— או־הו!.. — האָט ער פארמאכט די אויגנ אונ פארבויגנ אינ א זײַט דעם קאָפ. — או־הו־הו!.. — האָט ער זיכ נאריש צעלאכט אונ בלינד געפאָכעט מיט די הענט אינ דער לופט.

אלע האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ צווישנ אים אונ דודיטשנ, וואָס האָט זיכ צו אים געריסנ מיט א הוילנ שטילעט.

דער ריזיקער פארשוינ האָט אלעמענ אוועקגעשארט אונ א רויט־אָנגעבלאָזענער האָט ער געדעכעט.

— כ־כ־כ... וועמעס, זאָגסטו, ווײַב?

בייסנ געראנגל האָט גולוויעצ געקריגנ א זעצ, האָט ער זיכ שיקער־ערהייט פארקײַקלט אינ א זײַט. ער האָט געשמייכלט אונ ס'איז אים זייער שווער געווענ צוריקצוכאפנ גלײַכגעוויכט אונ זיכ אוועקצושטעלנ גראָד אפ די פיס. ער האָט נעבנ זיכ דערהערט דאָס הייסע העכענ דודיטשעס אונ זיכ מיטאמאָל א ביסל אויסגעניכטערט. ער האָט אים געקוקט אינ פאָנעם ארײַנ מיט הוילע שטומפיקע אויגנ.

ער האָט אויסגעשטרעקט א פינגער אונ גענומענ מיט אים דרייענ א ראָד אינ דער לופט.

— א ווײַבל? א ווײַבל? וועמעס ווײַבל, זאָגסטו?... ווײַבל?...—

ער האָט אָנגעשטרענגט זײַנ זיקאָרנ אונ זיכ פארטראכט. מיטאמאָל האָט ער זיכ אפ עפעס אָנגעשלאָגנ מיט די פיס, האָט א שטרויכל געטאָנ אונ זיכ פארדרייט אינ א זײַט.

— דײַנ ווײַבל האָכ... — האָט ער זיכ צעקאָכט אונ אָנגעהויבנ שטארק שלוקערצנ. ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט אונ אָנגעוויזנ אפ יא פארשוינ, וואָס איז גראָד אפ דער האָזיקער זײַט גע־שטאנענ.

ער האָט אלצ שטארקער געשלוקערצט אונ געשטאָכנ מיטנ פינגער אפנ פארשוינ.

— דײַנ ווײַבל... דײַנע...

אונ דער האָזיקער מענטש, דער גאָר יונגער קושיסטאָפ ווײדא האָט אָנגעהויבנ צו לאכנ.

— מײַנע, זאָגסטו? איכ וואָלט אליינ געווענ א באלנ זיכ מיט איר צו באקענענ.

— יאָ, אוואדע דײַנע... — האָט גולוויעצ מיטנ פינגער אָנגעוויזנ אפ וועמענ ס'איז גראָד אויסגעקומענ.

אלע האָבנ זיכ שטארק צעלאכט.

— לאָז אים. ער איז טויט־שיקער, זעסט דאָכ.

דודיטש איז געשטאנענ א רעגע אונ טעמפ געגלאָצט, פלוצעמ, ווענ אלע האָבנ זיכ שוינ בארויקט, האָט ער ארויסגעשאָסנ א געלעכטער.

גולוויעצ האָט מיטגעלאכט, אליינ נישט געוווּסט פונ וואָס. ער האָט זיכ צעשאָטנ פונ געלעכטער אונ איז געפאלנ אפ דער באנק. ער האָט געקייַכט אונ זייַנ קאָפּ האָט זיכ געוואָרפנ אינ אלע זייַטנ.

דודיטש האָט זיכ צו אימ צוגעכאפט אונ אימ ארומגענומענ.

— אלצדינג געווענ אויסגעטראכט, ברודער, הא?.. — האָט ער מיט א רעשטל אומרו אימ געקוקט אינ די אויגנ.

— וואָס אויסגעטראכט? גאָרנישט אויסגעטראכט... הייליקער עמעס, ווי איכ עוואנגעליע...

— אונ דאָס מיטנ וויַבל? — האָט דודיטשנ ווידער אָנגעהויבנ רויט צו פארלויפנ דער האלדז.

— וואָסער וויַבל... אשטייגער וואָסער וויַבל? — גולוויעצ האָט זיכ באמיט זיכ צו דערמאָנענ אונ געשלוקערצט.

— נו, — האָט דודיטש אפ אימ טעמפ געקוקט אונ זיכ אָנגע־שטרענגט. — דאָס וויַבל... מיט די פיס אראָפּ, קאָפּ ארופ, קאָפּ ארופ איז פיס אראָפּ...

— המבא... — גולוויעצ האָט אומגעדולדיק אוועקגעשארט דודיט־שעס רייד.

— בא דיר זייַנענ נאָר וויַבלעכ אינ קאָפּ... פיס אראָפּ קאָפּ ארופ... — האָט ער אימ נאָכגעשפעט.

— נו, אונ מייַנע... — האָט דודיטש אינגאנצנ א צעטומלטער זיכ בא אימ געבעטנ.

— דייַנע?... — גולוויעצ האָט געשלוקערצט אונ זיכ באמיט דערמאָנענ — זייַ נישט בייז, ברודער, ווער איז זי דאָס... דייַנע? אז ס'זאָל זי... — האָט ער זיכ ווידער אָנגעהויבנ צו קאָסנ.

דודיטש איז אימ געפאלנ אפנ האלדז אונ געקושט אונ געדושעט.

— אז ס'זאָל זי... ברודער... — האָט גולוויעצ שיקער געלאכט אונ דודיטשנ געקושט.

— שלאָג זיי — די פשיא־יוכעס... שלאָג, הארגע... אז ס'זאָל זיי...

אלע האָבנ געקייַכט אונ זיכ געקייַקלט פונ געלעכטער.

— איכ וועל דיכ הארגענענ... אפ טויט וועל איכ דיכ... — האָט זיכ גולוויעצ גוט אופגעלייגט צעשמועסט. — דיכ אויכ... — האָט ער אפ אנ אנדערנ געוויזנ. — אייַכ אלעמענ וועל איכ אויסהארגענענ ווי די מייַז. אויסראָטנ, ס'זאָל פונ אייַכ נישט בלייַבנ קיינ צייכנ...

— ער האָט ווידער אָנגעהויבנ צו שלוקערצנ.

— וואָלסט בעסער געשוויגנ... — דודיטש האָט אימ מיט דער פויסט פאַרמאַכט דאָס מויל.

— איַי... — גולוויעצ האָט אימ אַרופגעלייגט א האַנט אפ דער פּלייצע. — איַי, ברודער, פרײַנט טײַערער, וועלנ מיר דאָס די טערקנ שלאָגנ... ווייסטו? אונטער לאָנצקי אינ א קלויסטער האָב איכ דאָרט א מיידל געפונענ, אַנ אויצער... — ער האָט א שיקערנ מליאַסקע געטאָנ מיט דער צונג... — נעמ זי דיר, ברודער...

דודיטש האָט אימ אויכ אַרופגעלייגט דעמ אָרעמ אפ דער פּלייצע און האָט אָנגעהויבנ צו וויינענ.

— וואַלקו, זאָג איכ דיר... מײַנ אוולע, מײַנ אוולע... אוי, וואַלקו... א יאָסעמ בינ איכ דאָכ, און מײַנ טאַטע אפילע איז אויכ שוינ געווענ א יאָסעמ, — ער האָט זיכ צעכליפּעט.

— דורענ! — האָט אימ גולוויעצ איבערגעריסנ די רייד און דערלאַנגט א קריגל מעד. — זשלאָקע...

אַלע האָבנ זיכ אוועקגעזעצט, אַרופגעלייגט איינער דעמ אַנדערנ די הענט אפ די פּלייצעס ווי גוטע־ברידערס, און אָנגעהויבנ זינגענ א סאָלדאַטיש ליד, אַנ אומאָרנטלעכס, פונ די מילכאָמע־צײַטנ מיט די טערקנ.

---

פאַנ קאָשיצקי, וואָס איז געזעסנ אינ אַנ אַנדערנ זאַל צווישנ דער באַיאָרטער שליאַכטע, און האָט זיכ, א דאַנקבאַרער, דורכגעשמועסט מיטנ ביסקופ אָסאָוויעצ וועגנ פאַרשיידענע אינטריגעס אַרומ דעמ קיניגלעכנ הויפ, איז פונדעסטוועגנ פונ מאָל צו מאָל אַרײַנגעגאַנגענ א קוק טאָנ אפ זײַנ איידעמ, ווײַל ער האָט אימ נאָכ אַלצ קנאַפּ פאַרטרויט.

און זעענדיק אימ זיצנ אינ דער מיט פונ דער איידעלער שליאַכעציקער יוגנט פאַרפלאָכטנ מיט זיי אינ גרויס פרײַנטשאַפט, האָט ער זיכ פונ פרייד נישט געקאָנט אײַנהאַלטנ און געלאָזט רופנ זײַנ טאָכטער, פּאַני אַנושעשקאַ, וואָס יאיז איצט געווענ אינ אַנ אַנדערנ זאַל, אײַנייִנעמ מיט די פרויענ, וואָס האָבנ שוינ לאַנג פאַרלאָזט דעמ טיש, אופגעהערט טאַנצנ און אָפּגעזונדערט זיכ פונ די טרינקעדיקע הארנ, מיטנעמענדיק בלויז עטלעכע גאַלאַנטע קאַוואַליערנ, וואָס האָבנ זיי פאַרווײַלט.

פאני אנגיעשקא האָט נישט געוווסט, וואָס דער פאָטער וויל אונ איז געווענ א ביסל דערשראָקנ. ער האָט זי גענומענ אונטערנ אָרעמ אונ זי פאמעלעכ צוגעפירט צו דער טיר פונעמ זאל, ווו איר מאנ איז געזעסנ מיט דער גאנצער שליאכטע.

אונ גראָד דעמאלט האָבנ זיי אָנגעהויבנ זינגענ דאָס אומאָרנט־לעכע ליד.

איינער פונ זיי האָט זי דערזענ אינ דער טיר אונ איז אנשווייגנ געוואָרנ. די איבעריקע האָבנ זיכ איבערגעקוקט אונ מיטאמאָל האָבנ אלע איבערגעהאקט אינ דער מיט.

אזוי שיקער ווי ער איז געווענ, האָבנ זיכ פונדעסטוועגנ גולוויעצנס אויגנ א מיניע געטאָנ. פונעמ שטערנ אראָפ ביז צו די ליפנ האָט זײַנ געשטופלט פאָנעמ געציטערט, די קינבאקנ זײַנענ זיכ עפעס ווי צעפאלנ, אונ צווישנ די קראנק־מידע, טיפ־אונטערגעראָבענע אויגנ האָט זיכ באוויזנ אנ אויסטערלישער קנייטש. ער האָט זיכ מיט מי אופגעהויבנ אונ איז צו איר צוגעגאנגענ.

— איכ האָב אײַכ בלויז געוואָלט ווינטשנ א גוטע נאכט אונ פאר־ווײַלונג. איכ בינ מיד.

ער איז געשטאנענ אונ געשוויגנ.

— א גוטע נאכט, — האָט זי גאָכאמאָל געזאָגט אונ צעמאטערט געשמייכלט.

ער האָט זיכ פארנייגט אונ זיכ א רוק געטאָנ מיט א ניט־זיכערנ טריט אפ פאָרויס.

— אָ... רײַסט נישט איבער אײַער גוטע פארווײַלונג. אונ וואָס וואָלטנ די איידעלע הארנ געזאָגט, ווענ איכ נעמ בײַ זיי צו דעמ פרײַנט? — האָט זי זיכ פרײַנטלעכ א קער געטאָנ צו די איבעריקע לײַט.

אלע זײַנענ אופגעשטאנענ אונ האָבנ זיכ העפלעכ פארנייגט.

קימאט שוינ אינגאנצנ אויסגעניכטערט איז גולוויעצ צוריק צו זײַנע פרײַנט אונ האָט גענומענ אפסגײַ שווײַגנדיק טרינקענ. אלע געסט זײַנענ שוינ לאנג געגאנגענ שלאָפנ, בלויז גולוויעצ אונ זײַנע לײַט האָבנ אלצ געהוליעט אונ געשיקערט ביז אינ טאָג ארײַנ. אָבער ריידנ האָט שוינ גולוויעצ נישט מער גערעדט אונ קיינעמ נישט מער ארומגענומענ. ער איז געזעסנ אינ א זײַט, אריבערגעשיקלט אמאָל איבער דער אייגענער פלייצע, זיכ דאָרט איבערגעציילעמט, אונ אײַנ־געשפארט ביז צו באוווסטלאָזיקײַט אינ זיכ ארײַנגעגאָסנ.

צומאָרגנס זײַנענ אלע שפעטלעכ אופגעשטאנענ, מערסטנטייל

ערשט צו מיטיק, און עטלעכע אפילע ארום אָוונט. פאן קאָשיצקי איז ארײַן צו זײַן טאָכטער און געזוכט דעם אײדעם, אָבער ער איז בא איר זײַט נעכטן נאָך נישט געווען.

מע האָט אים ארומגעזוכט אומעטום און נישט געפונען. פארשוווּנדן.

עטלעכע פּאראָבקעס האָבן אים פארטאָגס געזען ווי ער איז א וואקלדיקער און זײער שיקער צוגעגאנגען צום ברונעם און האָט אפּ זיך אָנגעגאָסן עטלעכע עמער וואסער. דערנאָך האָט ער זיך א סאך מאָל מעשוגנערדיק געצײלעמט איבער דער פּלײצע.

און מער גאָרנישט. פארשוווּנדן.

אזוי האָט זיך פארענדיקט זײַן צוריקקומען אהײם.

# פופצנטער קאפיטל

ניט אומזיסט האָט קאַלעוו אַשקענאַזי נישט געוואָלט זײַנ קיינ אָפּענער שוטעפ צו דער פּאַכט פֿונ די זשופּעס, האָט נישט געוואָלט אַרײַנטראָגנ קיינ קאָנטראַקט צום מאַגיסטראַטישנ שטאָט־שרײַבער, נאָר בלויז געגעבנ אַ האַלוואַע אַפּ זייער אַ הויכנ וואָכער. די זשופּעס? וואָסער שײַכעס האָט ער צו זיי? געלט האָט ער געליענ, און ווײַטער גאָרנישט.

ווראָמענ האָבנ אויסגעגעבנ די שטאָט־וואַכטערס, וואָס ער האָט אַפּ די פּויערימ אָנגעהעצט. ער האָט פֿריִער די וואַכטערס אונטערגעקויפֿט, אָבער שפּעטער, אַז אַנדערע וואַכטערס האָבנ אים נאָכ טויערשליסנ געכאַפּט אינ שטאָט, האָבנ יענע מוירע באַקומענ און באַם אויספֿרעגנ דערציילט, אַז ער האָט דאָס אַפּ די פּויערימ אָנגעוויזנ. צי איז טאַקע ווראָמע דרוקערס געווענ אינ דער שײַקע, וואָס האָט באַגאַנוועט דעם קלויסטער, צי ער האָט בלויז באַ זיי אָדער גאָר פֿונ אַ דריטער האַנט עפּעס פֿונ דער גנייווע אָפּגעקויפֿט, סײַווי האָט זיכ דאָס געדאַרפֿט שלעכט ענדיקנ פֿאַר ווראָמענ און פֿריקרע אָנרירנ דעם גאַנצנ קאָהאַל. דער מאַגיסטראַט האָט גראָד איצט נייטיק געדאַרפֿט האָבנ אַ שולדיקנ ייִדנ, קעדיי אַרויסצווײַזנ טאַקיפֿעס אַנטקעגנ דעם קיניג. ס'איז קלאָר געווענ, אַז ייִדנ וועלנ שטאַדלענענ און דער קיניג וועט זיכ פּרווונ אַרײַנמישנ. ס'האָט אָבער די שטאָטערס שוינ לאַנג פֿאַרדראָסנ, וואָס דער קיניג הערט זיכ נישט אײַנ צו זייערע טײַנעס און האַלט זײַנ האַנט איבער די רײַכע ייִדנ.

סירקיס איז געזעסנ אפ א שטול בא דער וואנט, האט אוועקגע-קוקט פונ יויזל בראנדייסנ אונ געסאפעט מיט א קורצנ אטעמ.

— ביסט געווענ בא קאלעוו אשקענאזי...

— ניינ.

— ער האט דיכ געלאזט רופנ.

— יא. אבער איכ בינ געקומענ צו איינ.

בענדיט סירקיס האט קאסדיקגיכ א פאכע געטאנ מיט דער האנט. זײַנ גלאנציקמאטעווע פאנעמ איז געווארנ טונקלרויזעווע ביז צו די פעטע קנייטשנ ארומ זײַנ קארק. די ראטמענער, קאהאל, וואס וועלנ זיי זאגנ, ווענ זיי וועלנ זיכ דערוויסנ, אז ער האט דא עפעס צו דער פריקרער זאכ געהאט א שײַכעס?

קאלעוו אשקענאזי האט זיכ שוינ לאנג מעשײַער געווענ. ווראמע דרוקערס איז געווענ זײַנ, קאלעוו אשקענאזיס, מענטש, וועט ער זיכ נאכ מער באמיענ אראפצושארנ אלצ אפ בענדיט סירקיסנ, קעדיי סע זאל אפ אימ נישט פאלנ קיינ שאטנ אקעגנ קאהאל, אונ אויכ קעדיי נישט ער, נאר סירקיס זאל צאלנ די שטאדלאנישע געלטנ דעמ וואיע-וואדע אונ קיניג.

סירקיס האט זיכ געווישט מיט א פאטשיילע דאס פאנעמ אונ האט צארנדיק געשיקלט אפ יויזל בראנדײַס.

יויזלס אויסגעבאלעכטע אויגנ, זײַנ אפ פארויס ארויסגערוקטע גאמבע אונ די הארט אונ טראפנווײַז ארויסגעקײַקלטע ווערטער האבנ סירקיסנ צעריצט. ער איז גיכ אופגעשטאנענ, אונ לײַכט, ווי מע וואלט זיכ דאס פונ אימ בא זײַנ געפאקטקײַט נישט געקאנט ריכטנ, האט ער זיכ א יאג געטאנ איבער דער שטוב ארומ אונ אראפ. דערבײַ האבנ זיכ די לאנגע פאלעס פונ זײַנ בעקעשע צעפאכעט אונ געוויזנ בלויע פלודערנ. יויזלס גראבע ליפנ האבנ עטלעכע מאל א ציטער געטאנ, ווי ער וואלט עפעס געוואלט זאגנ. ער האט זיכ אבער באטראכט אונ געשוויגנ.

— אה?.. — סירקיס האט זיכ פלוצעמ אפגעשטעלט אונ גיכ א קוק געטאנ אפ בראנדייסנ. ער האט שוינ צו אימ געמאכט מיטנ גאנצנ קערפער א גיכע באוועגונג. ער האט אבער זײַנ קאס אײַנגע-האלטנ.

---

יויזל בראנדײַס אונ א סאכ אנגעזעענע מענטשנ אינ דער שטאט האבנ זייער גוט געוווסט, אז נישט פונ גוטהארציקער מילדקײַט בא-

וואַרפט בענדיט סירקים די יונגע אַלמאָנע בראַמעק קלעזמערס, דאָבריש יוזפעס, מיט טײַערסטע קליידער און רײַכע מאַטאָנעס און האַלט זי אינ שטוב ווי א פאַרצויגנ קינד.

מע האָט זיכ אַפילע אײַנגערוימט, אַז קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זי אַנומלט בעסאָד פאַר סירקיסנ געלאָזט רופנ, האָט איר געזאָגט שטרענגנ מוסער, געדראָעט איר זי אַוועקצושיקנ פונ דער שטאָט. זי האָט דעמלט זייער געוויינט.

בענדיט סירקים איז דערנאָכ געגאַנגענ צו קאָלעוו אַשקענאַזי און האָט מיט אים גערעדט וועגנ א סאַכ פאַרשיידענע זאַכנ. לעסאָף האָט אים קאָלעוו אַשקענאַזי געלויבט פאַר דער גרויסער מיצווע, וואָס ער טוט אָנ דער יעסוימע, דער אַלמאָנע פונעם הייליקנ מענטשנ, ווײַל ער האָט זי גענומענ צו זיכ אינ הויז אַרײַנ, און כאָטש זי איז בלויז א וואַרטערנ בא זײַנ געלעמטער פרוי, האָט ער זי פונדעסטוועגנ געהאַלטנ ווי אַנ אייגנ קינד.

דאָס אַלץ האָט מענ געוווּסט פונ ווײַבל באַס. דעריבער האָבנ זיכ די לײַט געכידעשט, פאַרוואָס קאָלעוו אַשקענאַזי האָט זי שוינ עטלעכע מאָל געפרוווט אַרויסשיקנ פונ שטאָט, כאָטש טאַקע אָפ אַזא אויפנ, אַז מע זאָל זי גרינג קאָנענ צוריקברענגענ, אויב עמעצ וועט זיכ וועלנ באַמיִענ. יויזל בראַנדיים אָבער האָט זיכ נישט געכידעשט. יויזל בראַנדיים האָט געוווּסט, אַז ווײַבל באַס דערציילט בלויז דאָס, וואָס קאָלעוו אַשקענאַזי וויל ער זאָל דערציילנ.

האָט אים טאַקע אויכ נישט פאַרכידעשט, וואָס ער האָט הײַנט געזענ. ער איז הײַנט געגאַנגענ צו סירקיסנ נישט דורכנ געוויינלעכנ גאַנג, נאָכ דורכ דעמ רײַכ באַפוצטנ פאָקוי פונ סירקיסעס געלעמטנ ווײַב. ער האָט דאָס געטאָנ מיט א מיינ. די קראַנקע איז געזעסנ אינ בעט, אָנגעטאָנ אינ אַלע קליידער מיט א הײַבל פונ שפּיצנ אָפנ קאָפ און האָט געלייענט פונ א בוכ טײַטש. דערזעענדיק יויזלענ, האָט זי אָפ זיכ אַרופגעוואָרפנ אַנ אַטלאַסענעמ אײַנהיל און האָט זיכ פאַרנייגט מיטנ קאָפ. יויזל בראַנדיים האָט געמאַכט אַנ אָנשטעל, אַז אַרײַנגעקומענ איז ער דאָ איבער א טאָעס. ער האָט זיכ ווי איבערגעשראָקנ און געשטעלט א פוס אָפ גיכ צוריק אַרויסצוגיינ. די קראַנקע אָבער, צופרידנ פונ יעדער מינדסטער געשעעניש, וואָס רײַסט זיכ אַרײַנ אינ איר פאַרומערטער אײנזאַמקײַט, האָט אים פרײַנטלעכ אַרײַנגערופנ, געפרעגט אים וואָס ער דאַרפ און אים געזאָגט ווו עס זאָל גיינ, קעדיי פונ אינוויינעווייניק אַרײַנצוקומענ צו בענדיט סירקיסנ.

סירקיסנ, האָט ער געטראָפנ זיצנדיק אַפ א שטול בא דער וואַנט. טייקעפ איז פונ א צווייטנ שטול נעבנ סירקיסנ אָפּגעשפּרונגענ ווי א צעפּלאָשעט הינדל דאָבריש יוזפעס. זי האָט זיכ מיט בײדע הענט פאַרשטעלט די פאַרפלאַמטע באַקנ אונ איז מיט בלינדע טריט ארויס פונ דער שטוב.

יויזל בראַנדיים איז געווענ צופרידנ. גראָד אַזוי האָט ער געוואָלט סע זאָל געשענ צוליב זײַנ שווערנ שמועס, וואָס ער האָט געדאַרפט האַלטנ מיט בענדיט סירקיס. ער האָט אָבער נישט ארויסגעוויזנ קײנ שום איבעראַשטקײַט, אונ אינ דער צײַט, וואָס סירקיס האָט צונויפגעקליבנ זײַנע געדאַנקענ אונ זיכ צוגעגעבנ ווערדע אונ האַלטונג, האָט יויזל באַשיידנ אוועקגעקוקט אינ א זײַט, זיכ אָנגעבויגנ אונ פאַריכט זיכ די שפּאַנגענ פונ זײַנע שיכ.

בענדיט סירקיס האָט זיכ בײזנ א קער געטאָנ צו יויזלענ.

— די פויערים האָבנ ווראָמענ דערקענט. זײ האָבנ דערציילט, אַז ער האָט מיט זײ געטרונקענ.

יויזל בראַנדיים האָט נישט געענטפערט. דאָס איז נישט געווענ דער איקער.

— דער שענקער זאָגט, אַז זײ האָבנ צוערשט פרײַנטלעכ געשיקערט אונ דערנאָכ זיכ אָנגעהויבנ שלאָגנ. האָבנ עפּשער די פויערים פאַרט געהאַט א שײַכעס צו דער גניווע?

יויזל בראַנדיים האָט געשאָקלט מיטנ קאָפּ אַפ נײנ.

סירקיס איז ווידעראַמאָל גיכ אונ לײַכט ארופ אונ אראָפּגעלאָפנ איבער דער שטוב. ער האָט גוט געוווסט, וואָס די שטאָטישע מעיו־כאָסים מורמלענ אַפ אימ, אונ אַז זײ רופנ אימ, אונטער זײַנע פּלײצעס, „פערד־פעלשער“, בלויז ווײַל ער פלעג אַמאָל פאַר א סאַכ יאָרנ צושטעלנ פערד דעמ וואָיעוואָדע אונ פּריצימ.

יויזל בראַנדיים האָט זיכ דערוועגט צו זאָגנ א וואָרט.

— מע וועט זײ אופהענגענ.

סירקיס האָט אַפ אימ א בײזנ שיקל געטאָנ אונ זיכ ווײַטער געטראָגנ איבער דער שטוב.

— ווראָמע דרוקערסנ אויכ.

סירקיס האָט זיכ אָפּגעשטעלט, דראָענדיק א בליצ געטאָנ אַפ יויזלענ, ארײַנגענומענ די פאַרמאַכטע פויסט צווישנ די צײנ אונ געזאָגט.

— ס'קאָנ זיכ דאָ נאָכ עמעצ עפּעס אָפּטאָנ, אויב ער וועט זיכ נישט פירנ ווי געהעריק.

סירקים האָט אפּירגעקוקט אונ געזענ, אז יויזלס אויסגעבאָלעכעטע אויגנ גלאָצנ שוינ נישט מער כוצפּעדיק נאָר מיט הוילנ שרעק, אונ אז זײַנע גראָבע ליפּנ שמייכלענ נישט, נאָר זיי ציטערנ. זײַנ פּאַרדראָס איז אינגאַנצנ אריבער. יויזל האָט כניפּעדיק אָנגעבויגנ דעמ קאָפּ אפּ פּאָרויס אונ מיט אונטערטעניקער גרייטקײַט דערציילט.

— אפנ מאַטער־טיש האָט ווראָמע דרוקערס שוינ אלצ אויסגעזאָגט. ער וועט אינגיכנ אויסזאָגנ נעמענ.

— וואָסערע?

— וואָסערע ס'וועלנ אימ אײַנפאלנ.

סירקים האָט ביטלדיק אוועקגעמאכט מיט דער האַנט.

— ניינ.

סירקיסנ איז עפּעס געקומענ אפנ געדאנק אונ ער איז אומרויִק געוואָרנ, לאָקערנדיק האָט ער יויזלענ א פרעג געטאָנ.

— ווראָמענ קאָנ מענ ראַטעווענ? ער האָט דאָכ אוואדע נישט געגאַנוועט.

יויזל האָט פרומלעכ אופגעהויבנ די אויגנ.

— צו גאָט די האָפענונג...

— די פויערימ אויכ?

יויזל בראַנדיים האָט געזענ, אז סירקים איז מיט זײַנ ענטפער נישט צופרידנ, האָט ער געשוויגנ.

— אזוי... — סירקים האָט זיכ פאמעלעכ געריבנ די געדראָלענע ליחקעס אונ פאָרשנדיק יויזלענ באַטראַכט. — די פויערימ וועט מענ הענגענ. וואָס גלייבט מענ זיי? בלויז, אז זיי זײַנענ אנטלאָפנ פונ די זשופּעס. מער גאָרנישט. איז פאר זיי נאָכ ערגער. ווראָמע דרוקערסנ — אויכ. אונ ער, בראַנדיים, טאָמער איז מענ זיכ עפּעס מעשאער צווישנ אימ אונ ווראָמענ... איז איידער וואָס אונ וועג כאַפּט ער זיכ ארײַנ אינמיטנ.

יויזל האָט צעטראָגנ געמורמלט.

— פאר אײַכ וואָלט דאָס געווענ א שאָדנ...

סירקים האָט בייז געלאכט.

— אנ עמעסער שאָדנ בלויז פאר דײַנ ווײַב.

יויזל בראַנדיים איז בלאס געוואָרנ. ער האָט געשטאמלט.

— אײַער באפויל איז דאָס דאָכ געווענ.

סירקים האָט געסאָפּעט מיט א קורצנ אָטעמ אונ געפּאָכעט מיט בײדע פויסטנ פאר יויזלס נאָז.

— מײַנ באפויל?

יויזל האָט גיכ געשאָקלט מיטנ קאָפּ אפ נײנ. ער האָט אונטערטע־ניק געמורמלט.

— איכ האָב אײַכ שטענדיק געדינט...

— וואָס האָט דיר קאָלעוו אשקענאזי געזאָגט?

— איכ בינ בא אים נישט געווענ.

סירקים האָט א שטשירע געטאָנ מיט די צײנ.

— ווערסט זיכ ארײַנמישנ, וועט מענ די פויערים אָפּשמײסנ אונ ארויסלאָזנ. ווראָמע וועט בלײַבנ. אזוי ווילנ די שטאָטערס. שוטפים וועט מענ פאר אים זוכנ גאָר ערגעצ אנדערש, יויזל בראנדײס. ווײסטו וו, יויזל בראנדײס?—סירקים איז גאנצ נאָענט צו אים צוגעגאנגענ, ער איז אינגאנצנ טונקל געוואָרנ פונ קאס. — האָסט שלעכטס געטאָנ, נו איז פארפאלנ. איצט ווילסטו נאָכ מער קאליע מאכנ?

יויזל האָט מיט שטויפּ ארויסגעצויגענע הענט אונ צעשפּרײטע פינ־גער אָפּגעווענדט פונ זיכ אזא באשולדיקונג.

— כאסוועכאָלילע!..

בענדיט סירקים האָט אָנגעכאפּט יויזלענ בא די אויערנ, זײ געריסנ אונ אים געטרײסלט דעמ קאָפּ.

— ווילסט דעמ קאָפּ אנידערלײגנ. ביסט געווענ בא אים? זאָג, יויזל בראנדײס.

יויזל בראנדײס האָט זיכ ארויסגעריסנ פונ זײַנע הענט. ער האָט נישט געענטפערט.

— וואָס האָסטו אים געזאָגט?

— איכ בינ בא אים נאָכ נישט געווענ.

— די לובלינער זאלצ־סקלאדעס האָט ער דיר צוגעזאָגט, קאָלעוו אשקענאזי.

— איכ האָב אים גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט.

— הײַנט ווילסטו אים זאָגנ.

בראנדײס האָט געשוויגנ. סירקים האָט זיכ קאסדיק געביסנ די פויסט.

— אזוי.. מיט מײַנע מאטאָנעס וועט ער דיכ קויפנ קעגנ מיר. הע?...

יויזל בראנדײס האָט צוגעפרעסט אנ אָפענע האנט מיט צעשפּרײ־טע פינגער צומ הארצנ אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ אפ נײנ.

סירקים האָט אויסגעקרימט דאָס פּאָנעמ, אנטבלויזט די צײנ אונ געשטאָכנ אפ יויזלענ מיטנ פינגער.

— דיך וואָלט ער אַרײַנגעוויקלט אײַנמיטנדרינען, בעסווידע־סווי־דעם, קיין האָן זאָל נישט קרייען. אָט פאַרוואָס ער האָט מיט דיר געוואָלט שפּילן קאָרטן.

— ער שפּילט גוט אין קאָרטן...

— וואָס דו ביסט א קאָרטן־שפּילער וואָלט ער דיר אויך אָנגעזאָגט. פּלעגסט דאָך אַפילו מיט וואָרעמע שפּילן, יאָ? פון קאָרטן ביז קאַטשיאַל־גנייוועס איז נישט אַזוי ווײַט...

יויזל בראַנדיים האָט געשוויגן.

— ווייסט וואָס, יויזל בראַנדיים. היט זיך פאַר דער פּעטליע, וועסטו ווערן פאַרנעם, יויזל בראַנדיים... וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

יויזל בראַנדיים האָט מיט צעעפנטע האַנטפלאַכן אָפּגעוועדט, אַז גאָרנישט.

— געזאָגט האָט ער דיר יאָ. געזאָגט, אַז אויב מע וועט דערוויסן וואָרעמעס אומשולד, וועט זײַן שמייס און טפיסע און גאָרנישט מער. זאָלסטו העלפן באַווײַזן און דערציילן. יאָ?

יויזל בראַנדיים האָט געשוויגן.

— געזאָגט האָט ער: א מיצווע פאַר גאָט צו ראַטעווען אן אומשולדיקן ייִדישן נפש און אויך די קהילה פון צאָרעס און שאַנד... צוגעזאָגט האָט ער דיר די לובלינער זאַלצ־סקלאַדעס.

— יאָ, ער האָט צוגעזאָגט.

— פאַרוואָס האָסטו נישט געפאָלגט?

יויזל האָט כניפּעדיק אויסגעבויגן דעם קאָפּ אַף פאָרויס און ביטלדיק געמאַכט מיט די הענט.

— כ׳ווייס ווייל, ס׳וואָלט דאָך סײַווי נישט געפּוייעלט, און זיך וואָלט איך אַרײַנגעדרייט אין א שלעכטן אינייען...

— ביסט געקומען זען, וואָס איך גיב, יויזל בראַנדיים.

— איך בין געקומען פרעגן, וואָס איך זאָל זאָגן קאָלעוו אישקענאַזיג. ער האָט מיך נאָכאַמאָל געלאָזט רופן.

— נאָכאַמאָל?

— יאָ.

בענדיט סירקיס האָט יויזלען דערלאַנגט א בויגן געשריפטס, א פאַכט־בריוו אַף די לובלינער זאַלצסקלאַדעס.

— מאָרגן וועט דאָס דער שטאָטשרײַבער פאַרגלייביקן און אונטערשרײַבן. קלײַב זיך אין וועג קיין לובלין און קום נישט צוריק ביז איך וועל דיר הייסן.

יויזל בראנדיים האט סירקיסנ געקושט די האנט.

— ווי א פאטער זײַט איר צו מיר...

סירקים האט אימ גערירט געקושט אינ שטערנ.

— געדענק.

בענדיט סירקים איז געווענ צופרידנ.

---

אבער צומארגנס, אז ער איז געוויר געווארנ וועגנ פארשיידענע זאכנ אינ קאלעוו אשקענאזיס הויז, איז אימ זײַנ צופרידנקײַט פארגאנגענ.

ער איז געוויר געווארנ, אז יויזל בראנדיים איז געווענ אינאווענט בא קאלעוו אשקענאזינ, אז אשקענאזי האט מיט אימ א סאכ אונ גוט אופגעלייגט געשמועסט אונ זיכ מיט אימ געשפארט אינ טאלמודישע זאכנ, אז יויזל בראנדיים האט בא אימ געגעסנ אווגטברויט אונ דער־נאכ אפילע מיט אימ געשפילט אינ קארטנ.

בענדיט סירקים איז געווארנ אומרויִק.

ער איז ארײַנ צו קאלעוו אשקענאזי, האט אימ אלצדינג דערציילט אונ איז מיט אימ דורכגעקומענ.

קאלעוו אשקענאזי האט שטיל אינ זיכ ארײַנגעהיכצט.

— יויזל בראנדיים....

— ביידע אפגענארט.

— ע־ע־ע... נייג... געוואלט, געוואלט ביידע אפנארנ...

— די סקלאדעס אינ לובלינ, נו, האט ער שוינ בא מיר איצט אנ־געווירנ.

— ניינ.

— געבנ?

— אווארע. סע קומט אימ.

— אה...

— יא.

בענדיט סירקים האט דעמ פארדראס אראפגעשלונגענ.

זיי האבנ זיכ צונויפגערעדט, ווער סע זאל שטאדלענענ באמ קי־ניגס הויפ. סירקיסנ איז דאס בא אזא מינ איניענ נישט אנגעשטאנענ. קאלעוו אקשעגאזינ אווארע נישט.

בענדיט סירקים האט געהאלטנ, אז צוויי פארנייסימ: גומפל קא־צענעלנבויגנ אונ מעשולעמ בלאכ. אונ צו זיי, ווי בא יעדער שטאדלא־נעס, אויכ דער שטאט־שרײַבער מאטעס דאלעקרוט, וואס האט פאר־

שטאַנען צו ריידן פּויליש און לאַטייניש אויף אַ געלערנטן און מאַניר־לעכן שטייגער.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט אָבער פאַרמאַכט די אויגן, פאַרקנייטשט דאָס מויל און געשאָקלט אויף ניין.

— דער שטאָטשרייבער... יאָ. גומפּל קאַצענעלנבויגן... יאָ. און דער דריטער דאַרף זײַן... יויזל בראַנדייס.

— אַה... — האָט זיך סירקיס ביז געכידעשט.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט גיך און דריבנע געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— גראָד ער.

— ער?

— קיין בעסערן אויפן אים אויסצובאַהאַלטן פון מינדסטן שאָטנדל חשד קאָן מען גאָרנישט צוטראַכטן. ער האָט שלעכטס געטאָן, איז פאַר־פאַלן. אים אויסבאַהאַלטן... איז איצט... באַשיצן די ריינקייט פון דער הייליקער קהילה. אייגנס. פירן די שטאַדלאָנעס קאָן ער בעסער ווי איך און איר. צוויי. און סע קום אים... דאָס דרײַ.

— ער איז דאָך נישט קיין פאַרגעס. יונג און האָט נישט קיין אָנזען.

— יונג? וועלן מיר אים אָנטאָן בעקאָוועדע קליידער. אָנזען? וועלן מיר אים רײַך אָנטאָן און געבן אויף מאָטאָנעס אין האַנט אַרײַן. פאַר־נעס? וועלן אים די ראָטמענער אויסקלײַבן אויפן אָרט פון לייווי באַלפן, וואָס איז יענע וואָך געשטאָרבן.

— יויזל בראַנדייס איז דאָך נישט געווען קיין בײַמקעם *.

— אין אַ געענגטער צײַט איז אַנדערש.

בענדיט סירקיס האָט הילפלאָז און מיט בייזן פאַרדראָס געקוקט אויף קאַלעוו אשקענאַזי. ער האָט געשאָקלט דעם קאָפּ מיט טיפן פאַריבל, אָבער זיך אײַנגעהאַלטן און נישט דערווידערט.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט שטיל אין זיך אַרײַנגעהיכצט. ער האָט צוגע־לייגט אַ האַנט צום האַרצן ווי אײַנצושטילן און איבערצובעטן סירקיסן.

— סע קומט אים... — און שטעכנדיק מיט אַ פינגער צו סיר־קיסן — פון אײַך אויך.

קאַלעוו אשקענאַזי האָט זיך אויפגעהויבן פון זײַן שטול אויף אַרויס־צובאַלייטן צו דער טיר בענדיט סירקיסן, כאָטש סירקיס האָט זיך דער־ווײַל נאָך גאָרנישט געקליבן אַוועקצוגיין.

---

* שטעלפאַרטרעטער, „קאַנדידאַט״.

# זעכצנטער קאַפּיטל

א דורכגעפירטע טויט־שטראָפ איבער א ייִדנ האָט געוואָרפנ א שטיקל שאָטנ אפ דער גאַנצער קעהילע. דאָס איז געווענ א פריקרע זאַכ. ווײַל בראַנדיים אינײנעם מיט די איבעריקע שליכים פונ דער געהילע האָבנ כאַדאָשים־לאַנג אינ ווארשע געטאָנ הי־שטאַדלעסנ פארנ קיניג אונ אַנדערע מאַכטיקע הארנ, האָבנ צעטיילט מאַ־טאָנעס אונ האָבנ זיכ באַמיט.

סע האָט אָבער צו גאָרנישט געפירט. דער קיניג האָט געגעבנ צו־זאָגנ, אָבער דער שטאָטישער מאַגיסטראַט איז געווענ הארט. אזוי האָט עס זיכ געצויגנ א גאַנצ יאָר. די שטאָטערס האָבנ געוואָלט באַווײַזנ דעמ קיניג, אַז ייִדנ ווערנ פונקט אזוי ווי אלע שטאָטערס געמישפּעט לויטנ שטאָטישנ רעכט. אויב קאָלעוו אשקענאַזינ, וואָס זײַנ מאַכט האָט שוינ צופיל געשטאָכנ אינ די אויגנ, האָבנ זיי דאָ עפּעס געוואָלט באַווײַזנ.

אַכוץ דעמ זײַנענ געגאַנגענ קלאַנגענ וועגנ די צוויי פויערימ אונ ווראָמע הרוקערם. סע האָט נישט אײנעמ פונ די מאַכטיקע שטאָטערס פאַרהראָסנ, וואָס דער ייִד בעגדיט סירקים איז האַר איבער אזויפיל קריסטלעכע פויערימ. די מיעשטשאַנעס האָבנ, ווי שטענדיק, געהאַט טײַנעס צו די ייִדישע קרעמערס. ווראָמענ האָט מענ איצטיקס מאָל שוינ נישט געקענט אָפּראַטעווענ.

אונ אויב שוינ אזוי, האָט זיכ קאָלעוו אשקענאַזי געפינענ א טרייסט; אויב נישט אַנדעריש, וועט דאָס כאָטש באַגיטיקנ אונ מילדערנ די אָנ־געצויגנקײַט צווישנ אימ אונ דעמ מאַגיסטראַט.

— איכ האָב אימ אַנומלט געשענקט די אויערנ, האָט ער נישט

געזאָלט זײַן קײן שויטע און שטופּן דעם האָלדז... — קאָלעװ אשקעַ־נאזי האָט דאָס געזאָגט צו יױזל בראַנדײס, װאָס מיט אים פּלעגט ער אין דער לעצטער צײַט זײַן צוזאַמען, און אין גוטאױפגעלײגטע מינוטן רײדן אַ פּאָר אָפנהאַרציקע װערטער, װײַל ער איז אים שטאַרק געפעלן און װײַל ער פּלעגט מיט אים שפּילן אין קאָרטן, זיך שפּאַרן אין טאַלמודישע ענינים און אים באַװײַזן ערשט נאָך אַ לאַנגער שפּאַרעניש. קאָלעװ אשקענאזי האָט אַבוצ אַלעם נישט געקאָנט מוחל זײַן װראַמע דרוקערס, װאָס ער האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט, זײענדיק אין שליכעס פֿון בענדיט סירקיס.

— איך גיב אים אױערן, — קאָלעװ אשקענאזי האָט דערמיט געמײנט יענעם פּסוק, װוּ ער האָט אים אָפּגעראַטעװעט פֿון דער שטראָף פֿאַר גנײװע, — און ער גיט זײַן האַלדז דעם פֿערד־נאַרער.

און װי נאָר ס'איז קלאָר געװאָרן, אַז מע װעט װראַמען אױפֿהענגען, האָט יױזל בראַנדײס באַקומען פֿון דער קהילה אַן אָנזאָג צו טאָן און צו זען, אַז אַלץ זאָל זיך פֿאַרלױפֿן װי ס'קער צו זײַן.

יױזל האָט דורכגעפֿירט אַ פֿאַסט־טאָג פֿון דער גאַנצער קהילה אױסצובעטן אױסלײזונג פֿאַר װראַמע דרוקערס, װאָס איז פֿאַרמישפּעט איבער אַ בילבל. אין דעם פֿאַסט־טאָג האָט מען געדאַװנט באַזונדערע תּפילות נײַ פֿאַרפֿאַסטע פֿאַר דעם טאָג, — װי זײַנען דערנאָך צוליב זײער שײנקײט אַרײַן אין געװיסע זעלטענע געבעטביכער — און אױך אױסגעפֿירט אַנדערע רעליגיעזע טוּונגען. יױזל האָט דורכגעפֿירט די געלט־זאַמלענישן פֿאַר פֿאַרשײדענע כּאַבאָרן, קעדײ צו קאָנען שפּײַזן דעם פֿאַרמישפּעטן לױטן ייִדישן געזעץ און אים װי געהעריק צוצוגרײטן צום הײליקן טױט פֿון אַ קאָדעש. און ער טאַקע האָט דאָס דורכגעלאָזן דורכן האַמױן די שמוע, אַז װראַמע דרוקערס שטאַרבט איבער דער רישעס פֿון די פֿעלקער אַף קידעש־האַשעם.

דורך אונטערקױפֿן די אױפֿזעערס האָט ער געפּועלט, אַז אײנעם טאָג פֿאַר דער תּליִע האָט מען צו װראַמען אין געפֿענקעניש אַרײַנגעלאָזן אַ קאַברן, װאָס האָט װראַמען פֿירגעזאָגט אַלע תּפילות פֿאַר שטאַרבנדיקע, װײַל װראַמע אַלײן האָט שױן לאַנג נישט מער געקאָנט רײדן און האָט בלױז נאָכגעכליפּעט נאָכן קאַברנס װערטער: — מחזשיאַם, מחזשיאַם... דער קאַברן האָט אים, װי אַ טױטן פֿאַרן באַגראָבעניש, אָפּגעשניטן די נעגל פֿון די פֿינגער, װאָס זײַנען געװען

צעקוועטשט אונ צעוווּנדיקט פונ די מאַטערנישנ, אָפּגעשוירנ די האָר פונעם קאָפּ, אונ אָפּגעגאָסנ זײַנ גאַנצנ קערפּער מיט עטלעכע קוואָרט וואַסער. אונטערנ לאַנגנ זאַק-לײַוונטענעם העמד, אינ וועלכנ ווראָמע האָט געדאַרפט געפירט ווערנ צו דער טליע, האָט דער קאַברנ אײַנ-טערגענייט א לײַבסערדאַק מיט ציציס, קעדיי ווענ ווראָמע וועט אָנ-טאָנ דאָס טליע-העמד, זאָל זײַנ מיטאָנגעטאָנ דער לײַבסערדאַק, אונ פאָרט זאָל עס קײנער נישט קאָנענ זענ אונ אָוועקנעמענ. יויזל בראַנ-דײס אַלײנ האָט פאַרפאַסט א שײנע קינע, א קלאָגליד, אָפּ צו זאָגנ אינ אַלע שולנ אונ אויכ אינ דער נאָענט פונ דער טליע, בעשאַס מע וועט ווראָמענ הענגענ.

ער האָט אונטערגעקויפט דעמ הויפּטמאַנ פונ דער טפיסע, אַז מע זאָל דערלויבנ עטלעכע ייִדנ שטײנ אונ בעטנ נישט גאָר ווײַט פונ דער טליע, אונ דער הויפּטמאַנ זאָל זיכ מאַכנ, אַז ער זעט נישט אונ הערט נישט. אונ כאָטש נאָליענ האָט ער שוינ פאָרויס געפּועלט, אַז מע זאָל ווראָמעס קערפּער נישט איבערגעבנ דעמ געווײלע-שינדער, נאָר צו די ייִדישע קאַבראָנים, וואָס וועלנ קומענ באַנאַכט שוינ נאָכ דרײַ טעג הענגענ, אונ וועלנ דעמ מעס באַגראָבנ אָפּנ ייִדישנ בעסוי-לעמ. יויזל בראַנדײס האָט אַלצדינג באַהאַוונט אונ באַטראַכט צוגע-גרייט, אַז ווראָמעס דרוקערס זאָל אָפּ יענער וועלט נישט זײַנ באַרויגעז אונ אַז קאַהאַל זאָל זײַנ צופרידנ.

פאַרטאָגס איז צו ווראָמענ אַרײַנגעקומענ א מאָנאַכ א קאַפּוצינער. אַזוי איז דאָס געווענ אײַנגעפירט פאַר אַלעמענ, אונ פאַר דעמ ייִדנ האָט מענ קײנ אויסנאַמ נישט געמאַכט. ער איז אַרײַנגעקומענ מיט גיכע טריט, האָט איבערגעציילעמט די שטוב אונ טייקעפּ זיכ געווענדט צומ פאַרמישפּעטנ.

— גאָטס זונ איז פאַר אונדז אַלעמענ געשטאָרבנ, פאַר אונדז אַלע-מענ, פאַר אונדזערע זינד אונ פאַר אונדזער אויסלייזונג. פאַרוואָס שטופּסטו אַוועק, מײַנ זונ, זײַנ גנאָד?... — אינ שאַרפע בילדערישע זאַצנ האָט ער אימ גענומענ אויסמאָלנ די מאַטערנישנ פונ געהענעמ, וואָס וואַרטנ אָפּ אימ, אויב ער וועט אינ דער לעצטער רעגע נישט אָנעמענ קריסטוסעס גנאָד. אינ דער געפענקעניש-קאַמער איז געווענ טונקל, אונ דער מאָנאַכ האָט ווראָמענ נישט געזענ. דעריבער האָט ער זיכ גע-ווענדט צומ קעגנאיבערדיקנ ווינקל אונ האָט גערעדט צו דער וואַנט. ערשט ווענ ווראָמע האָט אָנגעהויבנ צו כליפּענ: — מדזשיאַמ... הו-

הו... — האָט ער זיכ געכאַפּט אונ זיכ געווענדט צום אָרט, ווו ווראָמע איז געלעגנ.

דער מאַנאַכ האָט זיכ א פּרווו געטאָנ, האָט געשטופּט דעמ ציילעמ ווראָמענ אינ פּאָנעמ אַרײַנ אונ אימ אײַנגערעדט. ווראָמע האָט אָבער אוועקגעבויגנ דעמ קאָפּ, געהויבנ די ווונדיקע אינ קייטנ געשמידטע הענט, געוויזנ אַפ אינדרויסנ אונ אַלצ געטײַנעט:

— מדזשיאַמ, מליא מיאַמ...

דער מאַנאַכ האָט פונ דערפאַרונג ווויל געוווסט, אז אויב ער קאָנ אימ נישט צוזאָגנ דאָס לעבנ אַפ דער וועלט, וועט ער בא אימ וואָס שײַעכ יענער וועלט גאָרנישט פויעלנ. האָט ער אימ בלויז נאָכאַמאָל אָנגעסטראַשעט מיט די שרעקלעכקײַטנ פונ גענעמ אונ איז גיכ ארויס פונ דער קאַמער. באַלד איז אַרײַנ דער טאַליענ אונ האָט אימ אָנגעטאָנ דאָס זאַק-לײַוונטענע העמד.

אינ אָנהייב פונ זײַנ מישפּעט, נאָכ דעמ ווי מע האָט אימ דורכגעפירט דורכ די ערשטע מאַדרייגעס מאַטערנישנ, קעדיי ער זאָל זיכ מוידע זײַנ, האָט ווראָמע אָנגעהויבנ ריידנ וועגנ סיריקיסנ, וועגנ פאַרשיידענע אַנדערע זאַכנ אונ אָנצורופנ נעמענ, וואָס מע האָט אימ אַפ זיי גאָרנישט געפרעגט. באַלד דערנאָכ איז לויט עמעצנס אָנווײַז פונ אויסער דער טפיסע, אײַנגעפירט געוואָרנ פאַר ווראָמענ א מאָדנע אונ זעלטענע מאַטערניש. מע האָט אימ געקוועטשט אַפנ גאָרגל ביז ער האָט ארויסגעשטעלט די צונג אונ מע האָט זי געשטאָכנ מיט נאָדלענ אײַנגעטונקענ אינ עסעריקנ וואַסער. די צונג איז טיקעפּ געשוואָלנ געוואָרנ אונ האָט אָנגעפילט זײַנ מויל. דאָס געשווילעכצ איז גיכ אראָפּ, אָבער די צונג האָט גענומענ זיכ אָנציינדנ, אייטערנ אונ פוילנ, אונ ווראָמע האָט שוינ קיינמאָל נישט מער קיינ איינ וואָרט נישט געקאָנט ארויסריידנ.

פונדעסטוועגנ האָט מענ אַפ ווראָמענ ווײַטער דורכגעפירט אַלע איבעריקע מאַדרייגעס מאַטערנישנ, וואָס זײַנענ פאַרגעשריבנ פאַר באַשולדיקטע אינ באַגאַנווענע קלויסטערס, קעדיי ער זאָל זיכ מוידע זײַנ. ווראָמע האָט געקאָנט שרײַבנ טײַטש. ער האָט געוויזנ מיט צייכנס, אז ער וויל אָנשרײַבנ. צומאָרגנס האָט מענ לויט עמעצנס ווילנ, וואָס אויסער דער טפיסע, אײַנגעפירט פאַר ווראָמענ א מאַטערניש פונ אנ אַנדערנ שטייגער. מע האָט אַרײַנגעלייגט זײַנע הענטפלאַכנ צווישנ א פּרעס פונ ברעטער אונ זיי אזוי לאַנג צונויפגעפרעסט ביז די ביינער האָבנ אָנגעהויבנ קנאַקנ, דאָס בלוט ארויסשפּריצנ פונ דער צעפלאַצ-

טער הויט, די נעגל האָבן זיך אַראָפּגערוקט פֿון די פֿינגער און די הענט זײַנען געוואָרן גאַנץ פּלאַטשיק. זיי זײַנען מעויעמדיק געשוואָלן געוואָרן. מיט דער צײַט איז דאָס געשווילעכץ אַ ביסל אַראָפּ, ס'האָט אָבער גענומען אינווייניק אײַטערן און פֿוילן, און ער האָט שוין מיט די פֿינגער קיינמאָל מער נישט געקאָנט רירן.

---

ווען מע האָט אים געפֿירט צו דער טליע פֿון שטאָט־טויער אַרויס, זײַנען זײַנע הענט און פֿיס געווען געשמידט אין קייטן. צוערשט זײַנען געפֿאָרן עטלעכע רײַטער, דערנאָך זײַנען געגאַנגען צופֿוס טפֿיסע־סאָלדאַטן, און ווײַטער צוויי ריכטער אין זייער ריכטערישן אָנטאָן. נאָך זיי איז געגאַנגען ווראָמע, באַלייט פֿונעם טאַליען מיט זײַן געהילף. אין דער זײַט איז געגאַנגען אַ מאָנאַך, אַ קאַפּוצינער, מיט אַ ציילעם אין דער האַנט — טאָמער וועט זיך דער פֿאַרמישפּטער אַפֿן לעצטן וועג זײַנעם פֿאָרט נאָך באַטראַכטן און אָנעמען די גנאָד פֿונעם מענטשנס זון, — און דערנאָך ווידעראַמאָל עטלעכע רײַטער, פֿוסגייער און אַ קליין קופּקעלע שטאָטישער האַמוין און בײַגעריקע ליידיקגייערס.

די שטראָף־פּראָצעסיע איז אַרויס פֿון שטאָט־טויער מיטן שליאַך, וואָס האָט זיך געשלענגלט אַהין און צוריק, ווײַל דער וועג האָט געפֿירט באַרג־אַרויף. אָנקומענדיק נאָענט צום וואַלד, וואָס האָט זיך דאָ אין אַ זײַט אָנגעהויבן צו ציִען, האָט די פּראָצעסיע צוריק פֿאַרקערעוועט אַף אַ סטעזשקע נאָך העכער, וואָס האָט געפֿירט פּאַזע אַן אַלטער פֿעסטונג צום שינד־פּלאַץ צו, אַף אַ בערגל, פֿונוואַנען די שינדערס פֿלעגן אַראָפּוואַרפֿן אָפּגעשונדענע נעווײלעס.

אַפֿן בערגל זײַנען געשטאַנען עטלעכע טליִעס. אַף איינער האָט זיך געבאָמבלט אַן אויסגעצויגענער מעס. פֿון אונטער זײַן צעפֿאַסעוועטן זאַק־לײַוונטענעם העמד — אַלטע ווײַבער האָבן פֿון זײַן העמד געריסן סטענגעס פֿאַר פֿאַרשיידענע סגולעס — האָבן אַרויסגעשטאַרצט באָר־וועסע פֿיס מיט פֿיס־פֿינגער אַראָפּגעלאָזטע אַף אונטן. פֿאַרבײַ דער סטעזשקע, וואָס האָט געפֿירט צו דער טליע, האָט זיך געצויגן דער שליאַך, און אין דער מיט אַף דער לאָנקע, צווישן סטעזשקע און שליאַך, איז געשטאַנען און האָט געוואַרט אַ הײַפֿעלע ייִדן, קענטיק פֿון קלייקוידעש.

ווראָמע האָט געשלעפּט די אויסגעמאַטערטע פֿיס. ער האָט זיך קע־סיידער געווענדט צו די פֿאָרויסגייענדיקע ריכטערס, געהויבן די גע־

שמידטע הענט מיט די קייטנ, וואָס האָבנ זיכ נאָכגעשלעפּט, אונ האָט מיט הארצלעכנ יאָמער געשטאמלט.

— מיאָמ, מדזשיאָמ, מיאָמ... — אונ אלצ געוויזנ מיט אופגעהויבענע הענט צו דער שטאָט. דערמיט האָט ער געוואָלט זאָגנ: איכ בינ נישט שולדיק, אינ דעמ איניענ בינ איכ נישט שולדיק. א גאנעוו בינ איכ געווענ, א הארטער, שלעכטער מענטש, אָבער אינ דעמ איניענ, וואָס איר באשולדיקט מיכ, בינ איכ נישט שולדיק. פירט מיכ צוריק אינ שטאָט, וועל איכ באווײַזנ. איכ וועל אָנווײַזנ, ווער סע האָט מיכ געשיקט צו די פויערימ. איכ קאָנ דאָכ נישט ריידנ, אָבער פירט מיכ, וועל איכ אלצדינג ווײַזנ...

דערזעענדיק דאָס הײַפּעלע ייִדנ אפּנ פעלד צווישנ די שליאכנ, האָט זיכ זײַנ פּאָנעמ פארגאָסנ מיט טרערנ, ווי בײַ א קינד, וואָס מע טוט אימ אנ אוולע. באלד האָט ער צווישנ זיי אויכ דערזענ יויזל בראנדייסנ. ער האָט משוגע־ווילד געשריִגנ, ווײַזנדיק אינ בראנדייסעס זײַט.

— מיאָמ, מדזשיאָמ, מיאָמ!.. — געוואָלט זיכ א ריס טאָנ אהינצו אונ שרײַענ: אָט ער איז עס דאָכ. אָבער מער פונ „מיאָמ מדזשיאָמ" איז פונ זײַנ מויל נישט ארויסגעקומענ אונ, וועלנדיק צולויפנ, האָט ער זיכ אינ דער זעלבער רעגע פארפּלאָנטערט אינ די קייטנ אונ איז אומגעפאלנ. די טאליאָנישע געהילפנ האָבנ אימ אופגעהויבנ. ער האָט זיכ אופגעשטעלט אונ זיכ מיט זײַנ שטאָמלעניש געבעטנ בײַ זיי ראכמימ: זאָלנ זיי פארשטיינ אונ אימ לאָזנ ווײַזנ. זיי האָבנ אימ געשטויסנ, ער זאָל ווײַטער גיינ. האָט ער אראָפּגעבויגנ דעמ קאָפּ אונ מיט זײַנע צעוווּנדיקטע אונ געשמידטע הענט זיכ געקנאקט אינ קאָפּ ארײַנ אונ גערעוועט ווי אנ אָקס:

— הוהו... מיאָמ!....

קיינ אָנגעזעענע מענטשנ זײַנענ דאָ נישט געווענ. בלויז א קופּקעלע שאמאָסימ, בייס־קוואָרעס־ייִדנ, שטאָטישע אָרעמעלײַט אונ טילימ־זאָגערס. נאָר איינ סויבלענ־שטרײַמל האָט זיכ ארויסגעזעז צווישנ די פּאָשעטע פוטערנע היטלענ. יויזל בראנדייס האָט געדארפט אכטונג געבנ, אז אלצ זאָל געטאָנ ווערנ ווי ס'קער צו זײַנ.

דאָס קופּקעלע ייִדנ האָט מיט אנ אײַנגעהאלטענער געניט־יאָמערנדיקער שטימ געדאוונט די געבעטנ פאר שטארבנדיקע. זיי האָבנ שטיל אונ באהאוונט געזונגענ טרויעריקע ניגונימ. פונ צײַט צו צײַט זײַנענ זיי פּלוצעמ פונעמ זינגענ אריבערגעגאנגענ צו אנ אײַנטאָניקנ, טעמפּנ, גיכ־כאפּנדיקנ פּרעפּלענ, אנ ענלעכנ צו דער טראסקערײַ פונ באָטשא־

נעמ. דערבײַ האָבנ זײ זיכ געריבנ אײנ האַנט אָנ דער אַנדערער, געהויבנ זיכ פונ אײנ פוס אױפנ אַנדערנ. אָנגעקומענ צו א באַשטימטנ אָרט פונ די געבעטנ, האָבנ זײ זיכ פּלוצעמ װידער פעסטער אונ גע־זאַמלטער אַװעקגעשטעלט אונ, װי געניטע אונ אױסגעלערנטע צו דעמ איניענ, האָבנ זײ אַלע אײנײנעמ אַפּסנײ אָנגעהױבנ זינגענ עפּעס א היפּצנדיק־יאָמערדיקנ ניגונ. אײנער פונ זײ האָט פירגעזאָגט װערטער אונ די איבעריקע האָבנ אונטערגעכאַפּט דעמ פּיזמענ מיט שטילג געזאַנג אונ האָבנ זיכ געציקלט. יױזל בראַנדײס איז געשטאַנענ אינ דער מיט, אונ װענ עמעצ פונ די ייִדנ האָט זיכ נישט־װילנדיק אַרױס־געכאַפּט מיט א ביסל א העכער קאָל אײדער אַלע איבעריקע, האָט ער זיכ בײז אומגעקוקט, אױפגעהױבנ א פינגער אונ אינמיטנ זינגענ א סיקע געטאָנ:

— סס־ס!... — אונ טײקעפּ װײַטער מיטגעזונגענ.

יױזל בראַנדײס האָט אומגעדולדיק געקוקט אױפ דער שטראָפּ־פּראָ־צעסיע אונ מיט פאַרדראָס באַמערקט, װי פּאַמעלעכ זי באַװעגט זיכ באַרג־אַרױפ צומ בערגל צו, װו דער גאַלגנ איז געשטאַנענ. װראַמע דרור־קערס האָט זיכ אַלע װײַלע אָפּגעשטעלט, אױסגעדרײט זיכ צו דער שטאָט, געהויבנ די פאַרקאַװעטע הענט אונ מיט א פאַרגאָסנ פּנימ האָט ער אַלצ היכצנדיק געשטאַמלט:

— מדזשיאַמ, מיאַמ־מאַמ דליאַ־מיאַמ, הו־הו... — אונ האָט הויכ געשלוכצט. דאָס אַלצ האָט מענ פונדאַנענ זײער גוט געקאָנט זענ אונ הערנ.

די געניטע דאַװנערס האָבנ א װײַלע נײַגעריק־איבערגעשראָקענע אַהינגעקוקט. עמעצ פונ זײ איז אַנשװיגנ געװאָרנ. אַנ אַנדערער איז פונ שרעק אַזש אַרױסגעפאַלנ פונעמ אַלגעמײנעמ כאָר אונ אָנגעהױבנ העכער א ביסל צו טראַסקענ די װערטער פונעמ געבעט, קעדײ צו פאַר־גלושענ דאָס געװײנ פונ װראַמע דרוקערס. יױזל בראַנדײס האָט א באַרויגעזנ סיקע געטאָנ: — סס־ס־ס! — אונ טײקעפּ האָבנ זיכ די קאַ־בראָנימ אונ טיליםזאָגערס, צוגעװײנטע צו טױט אונ שטאַרבנ, גע־כאַפּט אונ מיט רויִקער געניטקײט װײַטער געצױגנ טפילעס אונ גע־זאַנגענ.

מיטאַמאָל האָבנ זיכ באַװיזנ אױפנ צװײטנ קעגנאיבערדיקנ שליאַכ, װאָס פירט פונ דער שטאָט צומ גרױסנ שטראַז, דרײַ אומגעלומפּערטע גרױסע װאָגנס, פול אָנגעשטאָפּטע מיט מענטשנ. דער ליאַרמדיקער סקריפּ פונ די רעדער, דאָס פרײלעכע זשומענ פונ די פּאָרערס, דער

הושטא און היידא, מיט וועלכע די פּורמאַנעם האָבן אָנגעיאָגט די פערד אויף שווערן וועג באַרג-אַרויף, האָבן זיך וואָכעדיק אַריינגעריסן אין דער אָנגעצויגענער פייערלעכקייט פון די געבעטן.

יויזל בראַנדיים האָט פאַנאַנדערגעשטופּט די פאַרשוינען, וואָס האָבן אים פאַרשטעלט צו זען די וואָגנס. ער האָט פון צווישן די פאַרשוינען אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און, קייקלענדיק די ווערטער פון די טפילעס, געוואַרט ביז די פאַמעלעך-פאָרנדיקע וואָגנס וועלן זיך מער דערנעענטערן.

# זיבעצנטער קאַפּיטל

אין די וואָגאַנס זײנענ געזעסנ די אָרכע־פּאָרכע*, אַלטע מענער און יונגע, ווײבער און מוידנ. דאָס זײנענ אַלצ געווענ מענטשנ, וואָס קאָהאַל האָט זײ ווידעראַמאָל ווי געוויינלעכ פונ צײט צו צײט אויסגעקערט און אַרויסגעשיקט פונ דער ייִדנ־שטאָט. לאַנד־גייערס, וואַנדערנדיקע באַלמעלאָכעס, וואָס האָט זיכ מיט עפּעס פאַר־זינדיקט קעגנ די צעכנ, פרעמדע געזעלנ, וואָס האָבנ נישט געהאַט קיינ רעכט צו וווינענ, פרעמדע הענדלערלעכ, וואָס האָבנ געפּרוווט זיכ אײנפונדעווענ אינ שטאָט, ניט צאָלנדיק קיינ אָפּצאָלנ, וואַנדערנדיקע בעטלערס, גאַנאָווימ, אַווייירע־מעקלערס, קונצנמאַכערס, קאָמעדיע־שפּי־לערס, זינגערס, און גראַמערס, סאָרווערנס, קעכנס, וואַרטאָרנס, אַמענ, לערגייינגלעכ, מעשאָרסימ און אויכ עלטערע חאַפּ־ייִדנ, וואָס האָבנ באַנוצט די געלעגנהײט אַפּ צו פאָרנ אינ די וואָגאַנס כאָטש א טייל פונ נעמ וועג צו זייער היימ.

ווענ די וואָגאַנס זײנענ אָנגעקומענ פאַרבײ דעמ קופּקעלע דאַוונערס, איז דאָס געזעמל אינ די וואָגאַנס מיטאַמאָל פאַרשטומט געוואָרנ. די פאָרערס האָבנ דערזענ די דאַוונערס און אויכ די שטראָפּ־פּראָצעסיע, וואָס האָט איצט פאַרקערעוועט פונעמ צווייטנ קעגנבערדיקנ שליאַכ אַפּ א סטעזשקע פאַזע דער פעסטונג צומ בערגל מיט די טליִעס.

יויזל בראַנדייס איז נישט אַרויס פונעמ רעדל דאַוונערס. ער האָט זיכ בלויז א ביסל מער אַרויסגערוקט אַפּ פאָרנט, האָט אויפגעהויבנ די

---

* אָרכע־פּאָרכע — שלעפּערס.

האנט און אַ ברומ געטאָנ, ווי נישט ווילנדיק איבעררײַסנ דאָס געבעט.

— המ... א... המנע...

די וואָגנס האָבנ זיכ טײקעפּ אָפּגעשטעלט.

יויזל בראַגדײמ האָט מיטנ פינגער געווונקענ, אַז די פּאָרערס זאָלנ ארויס פונ די וואָגנס, און געוויזנ אפנ רעדל דאַוונערס, אַז די פּאָרערס זאָלנ אהינגײנ און מיט זײ אינאיינעמ בעטנ.

אָבער די פּאָרעמ האָבנ נישט געוויזנ קײנ איבעריקנ כיישעק ארויסצוקריכנ פונעמ אָנגעפּאקטנ וואָגנ, אינ וועלכנ זײ האָבנ זיכ קוימ וואָס מיט מי און מאטערניש אויסגעזעצט. עמעצ פונ די עלטערע האָט זיכ קרעכצנדיק אָנגעהויבנ ארויסצוקלײַבנ. אָבער שעפּסל געצ, וואָס מע האָט אימ איצט ווידעראמאָל געכאַפּט און ארויסגעשיקט פונ שטאָט, האָט זיכ נישט גערירט און נישט געמאכט קײנ אָרט, האָבנ זײ גע־מוזט בלײַבנ זיצנ. די יינגערע האָבנ אפ אימ געקוקט און זײַנענ אויכ געבליבנ רויִק זיצנ. שעפּסל האָט ארופגעצויגנ זײַנ גראָוולעכ ציגנ־בערדל, ארײַנגעפּאקט עס אינ מויל און געביסנ. פּלוצעמ האָט ער מיט א ווילערישער באוועגונג ווי אמאָל, ווענ ער איז נאָכ געווענ א יונגער געזעל, א רוק ארופ געטאָנ זײַנ געל און פּליכעוואטע פּיקסנ היטל אפנ קארק, האָט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט און, איבערקרימענדיק יויזל בראַנדײסעס באַפעל, צוריק־געפּרעגט:

— המ... א... המנע?.... — ווי אײנער יויל זאָגנ: וואָס עפּעס?

יויזל בראַנדײמ האָט נישט אופגעהערט קלאַפּערנ די ווערטער פונ די געבעטנ און בלויז מיט א געבײזער געוויזנ אפ דער סטעזשקע צומ בערגל צו.

— איי־יאיי... אָ... דמנע... קאָדעש... טפילע...

שעפּסל געצ האָט זיכ געמאכט מיטנ האַנטהויפּנ א דאַשעק איבער די אויגנ און אָנגעשטרענגט אהינגעקוקט צו דער פּראָצעסיע.

— וואָמע גאַנעוו? דאָס פירט מענ אימ איצטערט צו דער טליע?

יויזל בראַנדײמ האָט אזש א שפּרונג געטאָנ פונ פּארדראָס.

— אכ־אכ... וויי־וויי... קאָדעש... קיהעשהאשעמ...

שעפּסל האָט זיכ ווײַטער רויִק אײַנגעקוקט און געדרייט מיטנ קאָפּ ווי פּארכידעשט.

— וואָסער שעמ... ס'איז דאָכ וואָמע, דער קאָהאָלשער ריעק, וואָ־מע גאַנעוו... אָ?...

יויזל בראַנדײמ איז אופגעזאָטנ געוואָרנ.

— מעכוצעפּ, ראָשע... — און ווײַטער געקײַקלט די ווערטער פונ

דער טפילע. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עטלעכע פֿון די געניטע דאַווענערס זיינען אַנשוויגן געוואָרן און האָבן זיך צו דעם שמועס נייגעריק צוגעהערט. ער האָט זיך ביז צו זיי אַ קער געטאָן און באַפֿוילעריש געברומט, טרייסלענדיק מיטן קאָפּ און פֿאָכנדיק מיט צעעפֿנטע פֿינגער.

— נע... המגע... — דאָס האָט געהייסן: — אייזלען, וואָס האָט איר זיך אָפּגעשטעלט. טייקעף האָט זיך מיט אַ באַנייטן געפֿיל דער געזאַנג ווייטער געצויגן.

יויזל בראַנדיים האָט אַ ווונק געטאָן צו איינעם וואָגן, צו טעוול דעם לאַנדהגייער, אַן עלטערן ייִדן מיט אַ ברייטער באָרד. ער האָט ביטלדיק אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט אויף די פּאָרערס און געוויזן אויפֿן קופּקעלע דאַווענערס: זאָל ער זיי אָפּלאָזן און אַהערקומען.

אַ געזעל האָט זיך אַרויסגעכאַפּט.

— רעק, פֿאַרעק*, דו דרעק... אַ קאַפּאָרע פֿאַר אַ הונט... — ער האָט זיך דערמאָנט ווי וואָראָמע האָט אים פֿאַראיאָרן געכאַפּט, אָפּגעשמיסן און אַרויסגעשטעלט פֿון שטאָט.

אַ מויד מיט צעבליטע באַקן האָט צו יויזלען געווונקען מיט דער האַנט און געשריגן, ווי צו אַ גוטן באַקאַנטן.

— יויזל, ווען וועט מען דיך שוין הענגען?

די דאַווענערס האָבן אָנגעהויבן העכער צו דאַווענען, ווי שעמענדיק זיך צו זאָגן, וואָס סע טוט זיך דאָ און צו הערן אַזעלכע ווערטער. זיי האָבן זיך אָבער נייגעריק צוגעהערט און נישט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג.

שעפּסל האָט ביטערע שמייכלענדיק אַ שטויס געטאָן דער מויד אין אַ זייט.

— שאַ... — אָבער באַלד האָט ער זיך אַריינגעפּאַקט דאָס בערדל אין מויל אַריין און איינגעקוקט זיך ווי שטאַרק פֿאַרכידעשט אין איינעם קופּקעלע ייִדן.

— ווו זיינען עפּעס אַלע ראַטמענער און גרויסע ייִדן?

— ווען וועט מען שוין הענגען בענדיטן? — האָט די מויד צעלאָזן אַ כיכקע געטאָן.

— שאַ... — האָבן עטלעכע עלטערע אין די וואָגנס אומצופֿרידן געברומט.

שעפּסל האָט איר אַ קניפּ געטאָן אין דער זייט און איינגעקלעמט זיינע ליפּן צווישן די ציין פֿון אינווייניקן שמייכל.

* זאָלסט פּייגערן.

אַ באַסעווע שטים האָט זיך פּלוצעם צעהודעט.

— דעם גאָענס רעב קעלעוו... — אַלע אינעם וואָגן האָבן אָנגעהויבן צו שאַקען און צו שיקען, זיך צו שטופּן און צו שטויסן. באַלד אָבער האָט זיך ווידער דערהערט אַ געזעמל און געלעכטער.

דער עלטערער ייִד מיט דער ברייטער באָרד, אַ לאַנד־בעטלער, האָט זיך סאַפּקאָלסאָפּ אַרויסגעקליבן פונעם וואָגן, איז צוגעגאַנגען צו די דאַווגערס און טייקעף אָנגעהויבן מיט זיי אינײַנעם צו זינגען. ער האָט זיך צוגעבויגן צו יויזל בראַנדייס, אים עפּעס גיך אײַנגערוימט אין אויער, און ווײַטער געזונגען ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— טעוול, מיינדל, אַ ד... אפֿן שפּענדל... — האָט די באַסעווע שטים אים געזוידלט. ס'האָט אַלעמען פֿאַרדראָסן, וואָס דער ייִד מיט דער ברייטער באָרד פּרוּווט זיך דורך כניפֿישע שטיק אויסצובעטן דערלויבעניש צו בלײַבן אין שטאָט, כאָטש ער ווייסט וואויל, אַז אויב נישט הײַנט, איז מאָרגן וועט מען אים אַרויסטרײַבן.

ווי נאָר טעוול דער לאַנד־בעטלער האָט יויזלען אײַנגערוימט די פּאָר ווערטער, האָט יויזל פֿאַרוווּנדערט און אויפֿגערעגט אים עפּעס איבערגעפֿרעגט, און באַקומענדיק און ענטפֿער, איז ער מיט גיכע טריט צוגעגאַנגען צום לעצטן וואָגן, געזוכט עמעצן צווישן די מענטשן און געפֿונען דאָבריש יוזעפֿס, בראַמעק קלעזמערס יונג ווײַב. זי איז געווען אײַנגעהילט אין טײַערע שאַלן און אויך דאָס פּנים האָט זי זיך פֿאַרשטעלט. דעריבער האָט ער זי ביז איצט נישט דערזען.

— וואָס זיצסטו דאָ אין אַזאַ געדרענג? וועסט באַקומען אַ קאַרעטע אָפּ צו פֿאָרן, ווי דו דאַרפֿסט...

דאָבריש האָט אַ פֿאַרשעמטע און פֿאַרלוירענע זיך אומגעקוקט אויף די מענטשן אַרום איר אינעם וואָגן. פֿון אַלע זײַטן האָט מען זיך געשטופּט, געגעבן איר אײַנצעס און כּישעק צו פֿאָלגן.

— אַז מע זאָגט קריך אַרויס, טאָ קריך, אַז מע זאָגט קאַרעטע, איז קאַרעטע.

מיט אַ פֿאַרפֿלאַמט פּנים האָט זי זיך אָנגעהויבן אַרויסצוגראַבלען פֿון דער ענגשאַפֿט. עטלעכע געזעלן אַרום איר האָבן איר געהאָלפֿן אַרויסצוקלעטערן און אָפּירשלעפּן פֿון אַ באַרג בעבעכעס איר קלומעקל. זי איז נאָכגעגאַנגען נאָך יויזלען צו די חאַוונעדיקע ייִדן און האָט אָנגעהויבן צו כליפּען. יויזל האָט אַ רעגע באַטראַכט די ניטפֿאַסיקײַט פֿון איר דאָ־זײַן, ער האָט אַרויסגערופֿן אײנעם אַ ייִדן פֿון די בעטנדיקע.

— המנע, מיצווע... דעמ קאָדעש רעב אוראָמס אלמאָנע... — דער ייִד איז טייקעפּ אוועק מיט איר צוריק אפנ שליאַכ אינ שטאָט אריינ.

די גזעלנ האָבנ זיכ געשטויסנ מיט די עלנבויגנס אינ די זײַטנ און זיכ געשושקעט.

— קאַלעווס פּאַרטל... פיר מאָל האָט ער זי שוינ ארויסגעשיקט, אונ שטענדיק ברענגענ זי סירקיסעס מענטשנ צוריק אינ שטאָט. אמאָל האָט מענ זי אזש פונ סאַנאָק צוריקגעבראַכט, אזוי ווײַט איז זי שוינ געהאַט פאַרפאָרנ...

די מויד מיט צעבליטע באַקנ, וואָס האָט פריִער געזיידלט יויזלענ, האָט מיט געפיל געקוקט אפ דער גייענדיקער דאָבריש.

— ניעבאָגא*, דאָס אָרעמע קינד, זאָל זי גיינ, אזוי לאַנג מע לאָזט. וואָס זאָל זי זיכ שלעפּנ מיט אָרכע־פּאָרכע? דאָרט האָט זי כאָטש פעטע יויכ אונ זײַדענע שאַלנ.

געכאַפּט האָט מענ דאָברישנ אפ דער גאַס הײַנט אינדערפרי, ווענ סירקיס איז אוועקגעפאָרנ צו א פּאָרעצ אפ עטלעכע טעג. די קאָהאָלשע רעכנ האָבנ איר געזאָגט, אַז זי איז א פאַרשײַטע וואַרטאָרנ, ווײַל זי גייט אינ א וואָכעדיקנ טאָג אויסגעפּוצט אינ געבלימלטע זײַדענע שאַלנ. זיי האָבנ זי גיכ ארופגעזעצט אפנ וואָגנ, וואָס איז שוינ געשטאַנענ אינ אָנגעפּאַקעוועטער מיט מענטשנ גרייט צו פאָרנ. לײַט זײַנענ ארײַנגעלאָפנ צו סירקיסעס געלעמטע ווײַב אונ האָבנ איר דערציילט. זי האָט געשריגנ אונ געוויינט, זי האָט זיכ אָבער נישט געקאָנט רירנ. מע האָט פאַר דאָברישנ גיכ צונויפגעבונדנ א קלומעקל אונ איר עס ארויסגעטראָגנ. ס'האָט זיכ שפּעטער ארויסגעוויזנ, אַז זײַט פאַרטאָגס האָבנ דרײַ רעכנ אפ איר געטשאַטעוועט ארומ דעמ הויז, אונ זי לעסאָפּ ארויסגענאַרט דורכ א שאַליעכ, אַז סירקיס לאָזט זי רופנ.

די מויד מיט צעבליטע באַקנ האָט זיכ אופגעהויבנ אינעמ וואָגנ אונ האָט אריבערגעשריגנ צו די דאַוונערס.

— יויזל, שיק מיכ אויכ צוריק אינ שטאָט׳ וועסט קיינ כאַראָטע נישט האָבנ, יויזל.

די דאַוונערס האָבנ זיכ אינגאַנצנ צעלאַזנ. איינער האָט שטיל געמורמלט. אַנ אַנדערער האָט זינגענדיק אונטערגעברומט, עטלעכע האָבנ זיכ צווישנ זיכ געשעפּטשעט אונ אלע האָבנ זיכ נײַגעריק צוגעקוקט. יויזל האָט זיכ צו זיי באַרויגעז א וואָרפ געטאָנ.

---

* נעבעכ

— אָ המנע... — ער האָט מיט פאריבל געוויזן אפ דער שטראָפ־פראָצעסיע און זיך אויסגעדרייט מיט דער פלייצע צו די וואָגנס. טייקעפ האָבן אלע באנײַם מיט כײַשעק אָנגעהויבן צו יאָמערן א ווייער טרויעריקן ניגן:

— ...להוליכה ולהושיבה תחת עץ החיים אצל נשמת הקדושים... — דאָס הייסט, גאָט זאָל שיקן זײַנע הייליקע ריינע מלאָכים זי, די נעשאָמע פונעם הייליקן, אָפצופירן און אוועקצוזעצן אונטערן בוים פון לעבן צווישן די נעשאָמעס פון די הייליקע...

מיטאמאָל האָט זיך פון דער סטעזשקע אויבן, פאזע דער פעסטונג, אהערגעטראָגן א הארצרײַסנדיקער געיאָמער און א כליפעג. מע האָט פונדאנען געקאָנט זען, אז עפעס פארעט מען זיך ארום ווראָמען. ער האָט זיך אנידערגעלייגט אפ דער ערד און נישט געוואָלט גיין צו דער טליע. ער האָט זיך אָנגעכאפט מיט זײַנע געשוואָלענע צעווונדיקטע הענט אָן די פיס פון די, וואָס זײַנען נעבן אים געשטאנען, און האָט זיי בעשומויפן נית געוואָלט אָפלאָזן. דער טאליען האָט מיט זײַנע ריזיקע פאָדקאָוועס געטרעטן אפ ווראָמעס געלענקען, קעדיי ער זאָל אָפלאָזן און מע זאָל אים קאָנען ארופטראָגן צו דער טליע. ווראָמע האָט אָבער נישט אָפגעלאָזט. ער איז דאָך אמאָל געווען זייער א שטארקער מענטש. ער האָט שרעקלעך געשריגן.

אפ די וואָגנס איז שטיל געוואָרן. די פורמאנעס האָבן אָנגעשמיסן די פערד, די רעדער האָבן אָנגעהויבן סקריפען און טרייקאָטשען און די וואָגנס זײַנען פאמעלעך אָפגעפאָרן. ווען זיי האָבן פארקערעוועט אפן שטראָז, דעם ברייטן הויפט־וועג, האָט זיך אפ א הענע נאָכאמאָל אהערצו דערטראָגן דאָס גהאקען פון די בעטנדיקע.

פון צאָרן צי פון הארצווייטעק האָט די מויד מיט צעבליטע באקן הויך נאָכגעשפעט:

— בעזשע־מעזשע, כאטע־מאטע, מעזשע מעזשע בערעמעזשע...

— ס־ס־ס!.. — האָבן די פארשוויגענע אין וואָגן געסיקעט, און די עלטערע האָבן מיט פארדראָס אוועקגעקוקט. קיינער אָבער האָט אפ איר נישט געהאט פאריבל. כאָטש אפ וועמען יאָ — האָבן זיי אליין נישט געוווּסט.

די מענטשן אין די וואָגנס האָבן מיט אראָפגעלאָזטע קעפ א גאנצע ווײַלע געשוויגן. זיי זײַנען דורכגעפאָרן דורך א געדיכטן וואלד. פויגלען האָבן זומערדיק געטרעלערט און דער סקריפ פון די וואָגנס האָט קלאנגיק און מונטער אָפגעהילכט. ערשט ווען דער וועג איז ארויס פון וואלד

אונ האָט זיכ אויסגעצויגנ איבער א פארמיטאָגדיק=זוניק פרײַ פעלד, האָט אײנער א געזעל א שטופּ געטאָנ דער מויד מיט דער פּלײצע.

— האָדעס, גיב נאָר א דאַװנ...

— בעזשע=מעזשע קאַדראַמויסנ מעזשע בערע... — האָט די מויד הילכיק און גוט אופגעלייגט געגראַגערט.

אַלע האָבנ זיכ הויכ צעלאַכט, און אפילע פונ די עלטערע האָט שוינ קײנער נישט מער געסיקעט.

# אכצנטער קאַפּיטל

אַכט טאָג שפּעטער האָט מענ אָפּ דער זעלבער סטעזשקע געפירט די צוויי פויערימ צו דער טליע.

קײנ קופּקעלע ייִדנ איז דאָס מאָל צווישנ שליאַכ אונ סטעזשקע נישט געשטאַנענ. דערפאַר אָבער זײַנענ נאָכ די פויערימ נאָכגעגאַנגענ זעקס מאָנאַכנ, אונ איינ געוויינלעכער גאַלעכ. אַכוצ דעמ האָט אײנעמ קאָשטשושיאָל פונ דער נאָענטער פעסטונג א קלײנער גלאָק קעסײדער אָנ. איבערײַס דינ געקלונגענ, זינט זיי האָבנ זיכ באַוויזנ אויפנ שליאַכ ביז נאָכ דער טליע.

אויפנ גאַנצנ וועג האָט דער גאַלעכ געהאַלטנ אינ אײנ רײדנ. די פויערימ זײַנענ געגאַנגענ אײנגעקמורעטע אונ האָבנ געשוויגנ. דערזעענ־דיק די טליעס, וואָס זײַנענ דאָס מאָל אַלע געווענ הוילע, האָט זיכ מאַטשיי אײַנגעגראָבנ מיט די פיס אינ דער ערד אונ זיכ אײַנגעשפּאַרט אָפּ צוריק, ווי אַנ אָקס, וואָס דערשרעקט זיכ פאַרנ קוילע. די טאַליאַ־נישע געהילפנ האָבנ אימ גענומענ שטויסנ אונ שטופּנ, ער האָט זיכ אָבער נישט גערירט פונעמ אָרט. עס איז געוואָרנ א צעמישונג אינ דער גאַנצער פּראָצעסיע. דער טאַליענ האָט אימ א זעצ געטאָנ אינ די ריפּנ אַרײַנ מיטנ שיידל פונ א שווערד. מאַטשיי האָט זיכ מיט פאַרלאָפענע אויגנ, ווילד אומגעקוקט אונ אויפגעהויבנ די צונויפגעקוועטשטע הענט ווי צו געבנ א זעצ איבערנ קאָפּ מיט א דער נאָכהענגענדיקער שווערער קייט. אָבער טייקעפּ האָבנ עטלעכע געהילפנ אָנגעכאַפּט די קייט, זי א צי געטאָנ, ווי אַז מע ציט אַנ אָקס, אונ אַנדערע האָבנ אימ אונ־

טערגעשטופט פונ אונטנ. די מאנאכנ האבנ געזונגענ טפילעס. דער גע־ווײנלעכער גאלעכ איז צוגעגאנגענ נאענט צו מאטשייענ אונ האט אימ אײנגערוימט:

— זונ מײנער, נעמ אפ זיכ די זיסע פײנ אינ גאטס נאמענ, גיב זיכ אונטער דעמ גורל, מיט וועלכנ יעזוס האט דיכ באקראנצט, טרינק דעמ ביטערנ בעכער פאר קריסטוסעס לײד... זאג מיר נאכ: אונדזער פאטער, וואס דו ביסט אינ הימל...

מאטשיי האט זיכ צו אימ האסטיק אונ ווילד אויסגעקערעוועט.

— איכ בינ האכ אומשולדיק, אינגאנצנ אומשולדיק...

דער גאלעכ האט זיכ פארזיכטיק אפגערוקט א ביסל אונ ווײטער געשעפטשעט.

— איכ ווייס, איכ ווייס... — אונ וועלנדיק אויסמײדנ איבעריקע שפארעניש, וואס פירט אוועק פונעמ טאכ. — אבער אונדזער זיסער יעזוס איז דאכ אויכ געגאנגענ צו דער טליע אומשולדיק אונ רײנ ווי א טויב...

— איכ בינ דאכ אומשולדיק... — מאטשיים קוק האט אינ מעשו־גענער פארלוירנקײט געבלאנדזשעט איבער דעמ גאלעכס פאנעמ.

— יעזוס איז אויכ געווענ אומשולדיק... Beati qui in Domino

moriunttur... — האט דער גאלעכ אנגעהויבנ צו בעטנ א לאטײנישע טפילע פאר שטארבנדיקע.

מאטשיי האט זיכ אײנגעבראכנ אונ איז ווי אינ זיכ ארײנגעפאלנ. ער האט שוינ ווי ווייטשעכ טעמפ אונ פאלגעוודיק געשלעפט די פיס.

דער גאלעכ האט געהאלטנ, אז דער אָרעמער זינדיקער האט זיכ איצט אונטערגעגעבנ יעזוסעס גנאד אונ אז ער בײטיקט זיכ נישט מער אינ זײנ אומטערלענונג. אײנינעמ מיט די מאנאכנ אונ אונטערגע־האלטנ פונ דער גאנצער שטראפ־פראצעסיע האט ער אנגעהויבנ זינגענ א טרויעריק פײערלעכנ כאראל צומ לויב פונ דער געטלעכער שאפ, פונ איר אומענדלעכער ליבע אונ לײד.

באמ טרעפ פונ דער טליע האט זיכ דער כאראל פארענדיקט. די טאט פונעמ טאליענ האט ער נישט באלייט מיט געזאנג. דער גאלעכ האט בלויז דערלאנגט דעמ צײלעמ די פארמישפעטע צומ קושנ, האט זיי אליינ איבערגעצײלעמט אונ דערמיט איז דא זײנ טוונג געווענ פאר־ענדיקט.

קאָלעוו אַשקענאַזיס מענטשן האָבן עפּעס וואָס געהאַט פֿאָרויס־געזען. זיי האָבן באַטראַכט און געטאָן אָפּצווענדן דאָס, וואָס מע האָט נאָכן אָפּהענגען די פֿויערים געקאָנט געשען. אַלע כוואַליעס אויפֿגעבראַכטקייט האָבן זיי קלוג אַרומגעלייגט מיט דאַמבעס, ווי גייטיק מיט מאַטאָנעס פֿון די קאָהאָלשע הישטאַדלעס־געלטן, מיט צוזאָגן, מיט האָנגענען, מיט כיטרע רייד, מיט פֿלינקע, פֿרומע און כניפֿעדיקע אָנצוהערענישן. דער צאָרן האָט אָבער אַרויסגעריזלט פֿון אַן אומגעריכטער זײַט און איז געקומען דעמלט, ווען מע האָט געמיינט, אַז מע האָט אים אָפּגעשריגן.

צווישן די מיעשטשאַנעס האָבן זיך געטראָגן מעשונעדיקע קלאַנגען וועגן די געהאַנגענע צוויי פֿויערים. קיינער האָט נישט געוווּסט גענוי וואָס און ווען, אָבער געוווּסט האָט מען, אַז די זשופּעס, פֿון וועלכע זיי זײַנען געקומען, האָט געהאַלטן אין אַרענדע דער רײַכער בענדיט סירקיס. דאָס איז געווען גענוג.

די שטאָטערס האָבן געהאַט אַ בייז האַרץ אויף די ייִדישע קרעמערס און מײַסטערס, וואָס האָבן פֿאַרקויפֿט זייערע סכוירעס פֿלינק און וואָלוול און האָבן צוגעכאַפּט די קונים פֿון אונטער דער נאָז. די שטאָטערס האָבן גערן אָנגענומען יעדע ווילדע אויסטראַכטעניש, וואָס די גאַלאָכים האָבן צעבלאָזן, פֿאַרגלייביקט און פֿאַרפֿעסטיקט מיט זאַצן פֿון דער הייליקער שריפֿט, און וואָס זייערע שילערס, די סכאָלאַרן און זשאַקעס פֿון די יעזויִטישע בורסעס האָבן נאָך מער אויסגעפּוצט און פֿאַרשפּרייט צווישן דעם האַמוין. צווישן די סכאָלאַרן און זשאַקעס זײַנען געווען אַכוץ שטאָטישע זין ניט ווייניק פֿון דער פֿאַראָרעמטער שליאַכטע און פֿויערישע יונגען, וואָס האָבן געטראָגן אין אַלטע און אײַנגעבאַקענע סינע צום דאָרפֿישן שענקער און שטאָטישן וואָכערער. אין אַזעלכע פֿאַלן איז דאָס שטענדיק געווען אַזוי: אונטערגעהעצט האָבן די גאַלאָכים און יעזויִטן, אָנגעהויבן האָבן סכאָלאַרן פֿון די קאָלעגיעס און זשאַקעס פֿון די בורסעס, און אונטערגעהאַלטן האָט זיי דער שטאָטישער האַמוין. דער מאַגיסטראַט האָט גערן פֿאַרמאַכט אַן אויג. זאָלן דײַטלעכער ווערן די טײַנעס פֿון די שטאָטערס צום קיניג פֿאַר זײַן גענייגטקייט צו ייִדישע פּריווילעגיעס. דער פֿרײַנטשאַפֿט צו דער קעהילע האָט דאָס ווייניק געשאַדט, זי האָט ערשט דורך דעם באַקומען עמעסן ווערט און וואָג.

אָנגעהויבן האָט זיך עס פֿון אַ נישטיקער קריגערײַ. פֿרײַטיק, כאָ־גע, אין דעם טאָג פֿון דער מאַטקע באָסקעס נעסיע אין הימל אַרײַן,

זײַנען צוויי סכאָלאַרן צוריקוועגס קיין קראָקע פֿונעם קאַלוואַריער אָד־פּוסט אַרײַן אױפֿן קוזמארק אין אַ ייִדישער שענק טרינקען מעד. זיי האָבן אױסגעטרונקען און נישט געוואָלט באַצאָלן גאָרנישט. דער שענקער האָט זיי נישט געלאָזט אַרױסגיין, ס'האָט זיך געמאַכט אַ ליאַרעם און אַ גוואַלד און די ייִדן האָבן די סכאָלאַרן געשטױסן און געזידלט. די סכאָלאַרן האָבן זיך מיט גוואַלד אַרױסגעריסן, זײַנען אַרײַן אין שטאָט אַרײַן און האָבן דערציילט זייערע כאַווערים, ווי מע האָט זיי באַליידיקט. זײַנען די סכאָלאַרן אָנגעפֿאַלן אױף די ייִדישע מײַסטערס און קרעמערס, וואָס זײַנען געווען אין דער שטאָט צוליב זייערע געשעפֿטן, און האָבן זיי געשלאָגן.

אַזוי האָט זיך עס אָנגעהױבן.

די הענדלערס און מײַסטערס האָבן נישט געקאָנט אַרױס פֿון שטאָט צוריק אױפֿן קוזמארק און האָבן זיך באַהאַלטן, ווו עמעץ האָט געקאָנט בײַ קריסטלעכע פֿרײַנט.

שאַבעס אינדערפֿרי האָבן זיי געפּרוווט אַהיים גיין און טע האָבן זיי באַגלייט די רעקטאָרן און פּעדעלן פֿון די קאָלעגיעס און בורסעס, ווײַל זיי האָבן באַקומען גוט באַצאָלט. האָבן די סכאָלאַרן און זשאַקעס אױף זיי געטשאַטשעוועט, זײַנען אױף זיי אָנגעפֿאַלן און עטלעכע געהאַרגעט. די קריסטלעכע באַלייטערס האָבן מוירע באַקומען און זײַנען אַנטלאָפֿן. די ייִדן האָבן זיך ווידער באַהאַלטן אין קריסטלעכע הײַזער און נישט געקאָנט אַרױס אױף אַהיימצוגיין אין דער ייִדן־שטאָט.

האָבן די סכאָלאַרן זיי נאָכגעשפּירט פֿון הויז צו הויז, און ווען מען זיי האָבן געכאַפּט האָבן זיי מערדעריש געשלאָגן. עטלעכע האָבן זיך געראַטעוועט בײַ לוטעראַנישע און קאַטױלישע שטאָטערס, וואָס האָבן אױף זיי ראַכמאָנעס געהאַט און זיי באַהאַלטן אין קעלערס. באַוואָפֿנטע סאָלדאַטן פֿון דער פֿעסטונג האָבן באַגלייט די ייִדן אַהיים, און ווען די סכאָלאַרן זײַנען ווידער אָנגעפֿאַלן, האָבן די סאָלדאַטן געשאָסן פֿײַער פֿון די ביקסן און צוויי פֿון די סכאָלאַרן דערהאַרגעט. האָט זיי דאָס נאָך מער צערייצט און זיי האָבן גיך געלױפֿן ביז זיי זײַנען נאָכאַמאָל אָנגעפֿאַלן, עטלעכע ייִדן דערהאַרגעט און עטלעכע געוואָרפֿן אין ווײַסל.

דערנאָך האָט דער מאַגיסטראַט געשיקט אַ סאַך סאָלדאַטן פֿון דער פֿעסטונג, די סכאָלאַרן און דער גאַנצער האַמויִן איז זיך צעלאָפֿן און די אומרוען האָבן זיך פֿאַרענדיקט.

זײַנען דערמיט בײַ די אומרוען דערהאַרגעט געוואָרן פֿיר פֿון די

אָנפּאַלערס, סכאַלאַרן, חשאַקעס און פּונעם האַמוין ,און אַכט ייִדישע מײַסטערס און קרעמערלעך.

די ראַטמענער האָבן די געהאַרגעטע גיך און אין גרויסן ליאַרעם געלאָזט באַגראָבן. אַזוי איז דאָס געשען נאָך קאָלעוו אַשקענאַזיס אָנ־צוהערעניש. ער האָט האַרבלעך גערעדט וועגן די האַזיקע קעדוישים, וואָס זײַנען באַם לעבן געווען פּראָסטע לײַט און פּאַרן שטאַרבן האָבן זיי אַלע הייליקן שאַבעס געגעבן געלט די רעקטאָרן און פּעדעלן, אַז זיי זאָלן זיי אַרויסבאַלייטן פון שטאָט. ס'איז געווען אַפּ צו ראַטעווען: דעם נעפעש און לויטן ייִדישן געזעץ דערלויבט, אָבער קיין הייליקײַט איז זיי דערפון נישט צוגעקומען.

אין שטאָטישן פּינקעס האָט מען אַרײַנגעשריבן אַ דערמאָנונגס־געשריפטס און אַ באַשלוס פון די שטאָטישע געוויגים, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך אונטערגעשריבן ייִויזל בראָנדייס, ,,דער ייִנגסטער פון די יונגע בא די האַרן פון ייִסראָעל", אַז צום אָנדענק פון די זעקס הייליקע האָט די שטאָט אַפּ אייביקע דורעס אַפּ זיך גענומען, איט־לעכס יאָר אינעם ערשטן שאַבעס פון כוידעש עלעל, דעם טאָג פון זייער טויט, זיך אָפּהיטן אין טרויער, זיך נישט צו באָדן און נישט אָנצוטאָן פּאַרגעניגנס דעם פּרײַטיק דערפאַר, טראָגן אום שאַבעס די וואָכעדיקע חשופּיצע, נישט צו מאַכן קיין גוטברודערישע מאָלצײַטן און עגלעכע זאַכן. אינעם געשריפטס איז געווען געשריבן, אַז ,,גאָט זאָל געדענקען די האַזיקע הייליקע און ריינע נעשאָמעס, וואָס זײַנען איבער חער רישעס פון די פעלקער און פון שענדלעכע מענטשן אומשולדיק געשטאָרבן אַפּ צו הייליקן גאָטס נאָמען..."

אָבער קאָלעוו אַשקענאַזי האָט געגעבן אָנצוהערן, אַז בעסער איז וואָס גיכער צו פּאַרגעסן דעם טויט פון די אַכט הייליקע מײַסטערס און קרעמערס, ווײַל דאָס האָט אַרויסגערופן שלעכטע געדאַנקען און האָט נישט אונטערגעשפּאַרט די פרומקײַט פון האַרצן. דאָס גע־שריפטס מיטן באַשלוס און דער דערמאָנונג איז פּאַרשריבן געוואָרן אין פּינקעס מיט געקסיוועטע אויסיעס, און טייקעף דערנאָך און זײַט דעמאָלט האָט זיך שוין קיינער אָגעם געשריפטס מיטן באַשלוס און דער דערמאָנונג נישט מער דערמאָנט, גלײַך מע וואָלט עפּעס נישט פּאַסיקס וועגן זיי געוווסט און מע דאַרף עס פּאַרגעסן.

# נײַנצנטער קאפיטל

אינעמ גרויסנ גאָרטנ ארײַנ פונ קאָליהאָ־דים שול אפנ שפיגלאָר האָט זיכ, כאָטש ס׳איז געווענ אנ אויסטערליש הײסער זומער־נאָכמיטאָג, קײנ פּאסיקל זונ נישט געקאָנט דורכרײַסנ, אזוי אלט אונ געדיכט זײַנענ געווענ די קעסטנבײמער, אונ אזוי ווילד האָבנ זיכ דאָרט צעוואקסנ די קזשאקעס. זײַט דורעס האָט זיכ די האנט פונ א גערטנער צו דעמ נישט צוגערירט אונ דאָס געוויקס האָט זיכ ברײט אונ ווילד צעשפּרײט.

די גאָטיש פארשפּיצטע פענצטער פונ שול זײַנענ געווענ פאר־שטעלט מיט ריזיק פאנאנדערגעוואקסענע צווײַגנ. אײנ דול פארנודעט קאָל האָט זיכ פונ אינעווייניק ארויסגעציקלט אונ מאָדנע זיכ גערײצט מיטנ ליעבעדיקנ צווישטשענ פונ די פייגעלעכ אינ גאָרטנ.

אפנ הויכנ גראָז, וואָס איז פונ יאָר צו יאָר קײנמאָל נישט גע־שניטנ געוואָרנ, איז געלעגנ אָרנ שאמעס, א זאָקנ מיט געוואלטיקע ברעמענ, אונ האָט געלײענט אינ א בוכ טײַטש, נאָר מער נאָכ האָט ער זיכ צוגעקוקט צו די הײפנדיקע גראָזפערדלעכ אונ צוגעהערט זיכ צו זייער צוקנ, קוויקנדיק זיכ אינ שאָטנ א פארדולטער פונ דער אויס־טערלישער היצ.

נישט ווײַט פונ אימ האָט זיכ גראָד איבערגעוועקט טעוול דער לאנדגײער, א ייִד מיט א ברײטער באָרד. ער האָט זיכ אויסגעלײגט אפ דער פּלײצע, אויסגעשטרעקט הענט אונ פיס אונ זיכ שטארק אונ געשמאק צעגענעצט.

— אופּ־פּ־פּ... האָסט דאָס א ביסל געשנאָרכט, טעוול.

— הע־ע־ע... — האָט דער לאנדגייער געגענעצט, — אזא דרעמל נאָכמיטאָג איז אלדעס געלט ווערט. מע זאָגט, אז קיינ געזונטערס פארנ גופ איז גאָרנישט פאראנ.

דער לאנדגייער האָט זיכ אופגעזעצט און געפינטלט מיט די אויגנ.

— ווער איז דאָס דאָ? — האָט ער אויסגעשטרעקט די האנט און אָנגעוויזנ אפ א מאָדנעמ פארשוינ, וואָס איז געזעסנ נעבנ דעמ וואַ־סער־פאָס אפנ שולהויפ אינ דער הייסער זונ, און געהאלטנ דעמ קאָפּ צווישנ די קני.

אָרנ שאמעס האָט צוגעלייגט די האנט איבער די אויגנ און אהינ־געקוקט.

— ווער וועט דאָס דאָרט זיינ? אווראמא מיסטאָמע... היי, אווּ־ראמא! — האָט ער זיכ געמאכט מיט דער האנט א טרייבל ארומ מויל און געשריגנ — קומ נאָר אהער דאָ, אינ שאָטנ, שוויטע איי־גער.

דער פארשוינ אינ שולהויפ האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ און באַ־וויזנ א געלע קאָלטענעוואטע באָרד, האָט טעמפּ א גלאָצ געטאָנ און באלד צוריקגעלייגט דעמ קאָפּ צווישנ די קני, ווי פריער.

— אווראמא פארעכ! קומ, אז מע זאָגט דיר... — האָט אָרנ שאַ־מעס זיכ נאָכאמאָל געפּרווט. אָבער דער פארשוינ האָט שוינ אפילע דעמ קאָפּ נישט מער אופגעהויבנ און זיכ גאָרנישט אָפּגערופנ.

— ווער איז ער דאָס אזוינס? — האָט זיכ דער לאנדגייער גע־כידעשט.

— דער און יענער ווייסט אימ... — אָרנ שאמעס האָט א צי געטאָנ די פלייצעס — פאראיאָרנ ווינטער, אינ איינעמ א טאָג איז ער פלוצעמ דאָ געווענ און פארטיק. ער זאָל דאָס כאָטש קאָנענ דאַ־ווענענ. ע־ע־עכ! נישט דאָס מינדסטע. — ער האָט א שנעל געטאָנ אינ דער לופט אריינ.

— א טערקישער עפּשער, א שעבסעניק, צי גלאט א מאמזער, א „נאָדלער" האַ? — דער לאנדגייער האָט אָפּסניי אָנגעהויבנ צו גענעצנ און זיינ ברייטע באָרד האָט זיכ דערביי אופגעהויבנ אינ דער הייכ.

— ווייסטו, אורקע, — איז ער מיטאמאָל לעבעדיק געוואָרנ — מיר וואָלטנ געמאכט א קערטל, יאָ...

— עה... ס'איז עפּעס נישט שיינ. און טאָמער קומט עמעצ?

— ווער זאָל קומען?

— יאָ, — האָט אָרן שאמעס א זיפצ געטאָן און פארמאכט דעמ בוכ—ס׳קומט קיינער נישט. יונגע האלטן אין איין לערנען פראנ-צויזיש, און בעסמעדרעשן פוסטעווען. דא אפן שפיגלאר שוין אינ-גאנצן אפגערעדט. זינט מע האָט פאראיאָרן געהאנגען די צווי פוי-ערים, האָט מען מוירע פאר א שילער-געלאפ ווי דעמלט.

— איי־איי־יאיי... — האָט זיכ טעוול געשאָקלט און געווישט דעמ שווייס פונ פארויטלטנ פאָנעם.—איכ בינ דעמלט נישט הי געווען. רעב יויזל האָט מיכ ארויסגעשיקט פונ שטאָט. מע זאָגט, אז סע האָט זיכ אָנגעהויבנ פונ א געשלעג אינ א שענק. יידנ האָבנ אָנגעהויבנ שלאָגנ.

— טפו, ס׳א שטום.

— זיי זיינען שלעגערס די היגע שטאָטערס? איכ האָב ליב צו הערנ גייגעריקע זאכנ אומעטום ווו איכ קום.

— קליינע יידעלעכ שלאָגנ זיי, גרויסע יידעלעכ טאָר מענ נישט.

— מע זאָגט, אז די שילערס, אפילע שליאכטשיצנ האָבנ דערנאָכ באקומענ א בייזנ פסאק.

— איבער דער סרייפע, וואָס זיי האָבנ דערנאָכ געמאכט. זיי זיינענ דאָכ דעמלט אפילע אפ פריצישע הייזער אויכ שוין אָנגעפאלנ.

— איי, ווי־ווי!.. — האָט טעוול געקרעכצט און זיכ פארומערט געשאָקלט.

אומבאמערקט האָט זיכ אווראמא צו זיי צוגערוקט, אוועקגעזעצט זיכ אפ דער ערד, צונויפגעבויגנ די פיס און זיי ארומגענומען מיט די הענט. בא די לעצטע ווערטער פונ אָרן שאמעס און הערנדיק טעוולס קרעכצנ, האָט ער אפ זיי אויסגעשטעלט זיינ געשטופלט פאָנעם, אויסגעלופעט די אויגנ מיט מעשוגעדיקער ניי־געריקייט און מיטאמאָל האָט ער ארויסגעשאָכנ מיט און אומגעלומפערט שטאמלענדיקער צונג.

— געשר־ר־ריגנ יידן־דן אייוויי... איי־ויי... כעכע־כע... — האָט ער זיכ ווילד צעלאכט און געשטשירעט צווי שורעס גרויסע וועלפיישע ציינ. כע־כע... בי פסי־בראטווי *... זאָלנ שווייגנ זשידקי, נישט שר־ר־ריינע איי־ווי... כע־כע־כע... — ער האָט אפ זיי געקוקט מיט מעשוגענע אויגנ.

— האָסטו אימ, א ביסל... — האָט זיכ דער לאנגייער צוערשט איבערגעשראָקנ און דערנאָכ אָנגעהויבנ זיכ צו בייזערנ. — א מינ

* שלאָג די הונטס-ברידער.

מאָרדע, א ביסל, פונ אנ אייזל... — ער האָט אונטערגעזונגענ מיטנ טראָפּ... — אונ גאָט האָט געעפנט דאָס מויל פונעמ אייזל... א הור־זשאַ!.. א קיש!.. — האָט ער געפּאַכעט מיט דער האַנט ווי אז מע פארטרײַבט א קאַצ.

אווראַמאַ האָט זיכ א הייב געטאָנ, האָט גענומענ אינ די הענט בײדע פּאָלעס פונ זײַנ לאַנגער בעקעשע אונ מיט א טיפּ אראָפּגע־בויגענעמ קאַרק אװעקגעשלײַכט.

— אזא מינ, א ביסל... טפו! — האָט זיכ דער לאַנדגייער מיט א טײַנע אונ געבייזער געווענדט צו אָרנ שאַמעס.

— וואָס ארט★דיכ? ער פאַרשטייט דענ עפּעס? אזא געשטופּלטע בעהיימע... נו, אדעראַבע — האָט זיכ זײַנ פּאָנעמ צעשײַנט — ווײַז אהער די קאָרטנ.

— א היצ... — טעוול האָט א וויש געטאָנ מיטנ ארבל איבערנ שטערנ אונ אופגעפּעשלט די קאָרטנ.

אײַנמיטנ שפּיל איז טעוול אומרויִק געוואָרנ.

— וואָס האָט מענ עפּעס מוירע?

— זײַט מע האָט פאַראיאָרנ געהאַנגענ די פּויערימ, וואָס האָבנ באַגאַנוועט דעמ קלויסטער, האָט מענ א ביסל מוירע.

— וואָס האָט מענ מוירע?

— שוויטע, זיי זאָגנ דאָכ, אז די יידנ האָבנ אונטערגערוקט פּוי־ערימ צו דער טליע.

— אזוי? א יידישנ גאַנעוו האָט מענ דאָכ אויכעט געהאַנגענ.

— שוויטע! אפ וורהאָמע דעמ קאָדעש איז געווענ א בילבל.

— אײַ־אײַ־יאַיַ... — האָט זיכ טעוול געשאָקלט. — א פרומער ייִד?

— קידעש־האשעמ! גאָט זאָל זיכ נויקעמ זײַנ פאַר זײַנ בלוט.

זיי האָבנ ווײַטער געשפּילט אינ קאָרטנ.

— אווראַמאַ! — האָט אָרנ שאַמעס ווידעראַמאָל אריבערגעשריגנ צומ הויפ. דער גערופענער, וואָס איז די גאַנצע צײַט געזעסנ אפ זײַנ פריִערדיקנ אָרט אינ דער זונ, מיטנ קאָפּ צווישנ די קני, האָט א הייב געטאָנ דאָס פּאָנעמ אונ טעמפּ געפינטלט מיט די אויגנ אינ דער בלענדנדיקער שײַנ.

— ברענג א שעפּ וואַסער, אווראַמאַ, גיכער, אווראַמאַ,

אווראַמאַ איז שווער אופגעשטאַנענ, האָט אָנגעשעפּט וואַסער אינ א גרויסער קופּערנער קוואָרט אונ זי צוגעטראָגנ צו אָרנ שאַמעס.

טעוול האָט אויסגעשפּרייט לעבנ זיכ א גאַנצע קופּע רויטע רע־טעכלעכ פונ א פּאַטשיילע ארויס, אונ זיי געכראָפּעט פּאַרטריקנדיק מיט וואַסער. ער האָט זיכ א ווײַלע צוגעקוקט צו אווראַמאַ אונ אויס־געשטרעקט צו אימ א האַנט מיט רעטעכלעכ.

— נא.

אווראַמאַ האָט אפּ אימ א זעצ געטאָנ מיט א פּאַרלאָשענעמ קוק אונ שווײַגנדיק זיכ צו אימ אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס. דעמ קאַרליק אײַנגעבויגנ ווי אונטער א מאַסע אונ אונטערהינקענדיק אפּ איינ באָרוועסנ פוס, איז ער צוריק אריבער אפנ הויפ צו זײַנ אָרט.

געפּלעפּט אונ באַליידיקט האָט טעוול אָנגעקוקט אָרענע.

— אזא מאַמזער.

— איכ ווייס נישט — האָט אָרנ געצויגנ די פּלייצעס — מיכ פּאָלגט ער. ער איז צו דיר נישט צוגעוווינט.

— וואָס איז עס עפּעס פּאַרא נאָמענ אווראַמאַ?

— איכ ווייס נישט. אזוי, זאָגט ער, הייסט ער.

— אוי, דאָס באַטראַפּלעניש געפעלט מיר נישט... — טעוול האָט זיכ געווישט די פינגער, געמורמלט א געבעט אונ זיכ צוריק גענומענ צו די קאָרטנ. ער האָט זיי אָבער איינ א ווײַלע ארומ ווידער אוועק־געלייגט.

— ס'איז נישט מעסוקנ דאָ? — האָט ער זיכ באַטראַכט אונ אי־בערגעשראָקנ.

— טפו! וואָס עפּעסטו א מויל דעמ סאָטנ?

— אײַ־אײַ... — האָט טעוול געקרעכצט אונ זיכ פּאַרומערט ג'ע־שאָקלט. זיי האָבנ ווײַטער געשפּילט אינ קאָרטנ.

פּלוצעמ האָט זיכ אורקע אָנגעשטרענגט אײַנגעהערט אינ דער לופט אַרײַנ.

— אויסגעריסנ זאָלנ זיי ווערנ! — האָט ער זיכ געכאַפּט אונ איז אויפגעשפּרונגענ אוועקוואַרפנדיק די קאָרטנ.

— ווער אזוינס, אה?

— נו, ווער. די זשאַקעס אונ סכאָלאַרנ... — ער איז אוועקגעלאָפנ אונ איז אַרײַנ צווישנ די קוסטעס.

נאָכ א רעגע איז ער צוריק ארויס.

— כ'וועל אמאָל איינעמ כאַפּנ, וועל איכ אימ דורעסנ. — ער האָט געפּאָכעט אינ דער לופט מיט א גרויסער האָריקער פויסט. — אנדערש קאָנענ זיי נישט באַשטיינ, נאָר דורכנ שול־גאָרטנ. אונ איט־

לעכס מאָל געווענ זיי עפּעס, אונ איטלעכס מאָל אנ אנדער שפּיצל..
א־א־א מיִעסע מעשונע!

טעוול האָט זיכ שטארק איבערגעשראָקנ אונ געוואָלט ארייַנגייג איִנ שול.

— זיי טוענ עפּעס? סע קאָנ עפּעס געשענ?

— האָב נישט קיינ מוירע, — האָט ער אופגעהויבנ זייַנע פויסטנ — אָבער אז זיי גייענ פונ דער שוויענטע אננע זיכ באָדנ אינ וויַסל, פארקירצנ זיי זיכ דעמ וועג, קלעטערנ איבערנ פארקנ פונ ראַחצעס זשיטלעס הויפ אונ גייענ דורכ אונדזער גאָרטנ צו די פּיאַסקעס אפ דער וויַסל... אונ איטלעכס מאָל טוענ זיי עפּעס אפ לעהאַכעס. אמאָל פארוומווערדיקנ זיי (אינ די ווינקלענ אונ אייערנעכטנ האָבנ זיי זיכ מיט א שיקסע פארשלעפּט דאָ אינ די קושאַקעס.

— א בראנד! — האָט טעוול א פארטראכטער געדרייט מיטנ קאָפּ אונ האָט נית געקאָנט באשליסנ, צי זאָל ער ארייַנ אינ שול צי דרויסנ בלייַבנ.

אָרנ האָט זיכ א ריס געטאָנ אונ ווידער ארייַנגעהאָרכט אינ דער לופט ארייַנ. אינ דער אייגענער רעגע איז א שטיינדל אהער געפלויגנ, געמאַכט א רעדל אונ דעמ שאָמעס געטראָפנ אינ קאָפּ ארייַנ.

ער האָט זיכ א צעיושעטער א וואָרפ געטאָנ אפ צוריק, געהויבנ די פּאָלעס פונ דער בעקעשע אונ צוהאלטנדיק זיי מיט איינ האנט, איז ער ארייַנגעלאָפנ אינ א סטעזשקע צווישנ די קוסטעס.

אונ באלד האָט זיכ דאָרט געהערט א געראנגל אונ געטייַנעכצ. אָרנ האָט געשלעפּט באמ אויער א הויכנ הארנ יונג, לויטנ אויסזענ אנ אויסגעוואַקסענעמ יעזויִטישנ זשאַק, וואָס האָט זיכ באמיט ארויס־צורייַסנ פונ זייַנע הענט.

— טפו... — האָט זיכ דער זשאַק געקאַסט. — א טיפּשיא־וויאַרא, וואָס ווילסטו פונ מיר?

דערהערנדיק דעמ קלאַנג פונעמ זשאַקס פּוילישע ווערטער, איז אָרנ שטיינ געבליבנ געפּלעפּט. ער האָט א ווייַלע דורכגענומענ מיט די אויגנ דעמ שווארצנ יונג אונ האָט אימ אָפּגעלאָזט.

— איכ בינ דאָ דער וואַכטער, אונ דו צערייד זיכ נאָר נישט. וואָס האָסטו דאָ צו טאָנ?

עפּעס האָט אימ דאָס האָזיקע פּאָנעמ ווייניק געשראָקנ אונ אפילע טעוול האָט אופגעהויבנ ביידע הענט אונ האָט אָנגעהויבנ מיט זיי צו מאכנ.

— דאָ איז אַ הייליק אָרט... אַ הייליק אָרט...

אָבער אָרן האָט אים גיך אַ שאַר אַוועק געגעבן און אַלץ שאַרף געקוקט אויף דעם שוואַרצן יונג. ס'האָט זיך אים אַרויסגעכאַפּט פֿון מויל.

— אַ משומד... יאָ?

אויף דערויף האָט דער זשאַק אַזעסדיק אויסגעשטרעקט די האַנט צום זאָקנס בויך און אים אַ שטופּ געגעבן.

— זשידקו, ספּזשעדײַ בראָדען... *

אָרן האָט אים אַוועקגעשטויסן. אָבער דער זשאַק האָט מיט אַק־שאַנעס אָנגעכאַפּט דעם שאַמעס בײַ דער באָרד און גענומען טרייסלען מיט זײַן קאָפּ.

פֿון אַלע זײַטן האָבן איצט פֿלוצעם אָנגעהויבן פֿליִען שטיינער. ס'האָבן זיך דערהערט קוילעס פֿון אַ גאַנצער כאָפּטע זשאַקעס און סכאָלאַרן, וואָס זײַנען געקומען זיך אָנעמען פֿאַר זייער כאַווער.

— אוי ווי געוואַלט! — האָט זיך טעוול מאָהנע צעלאַפּטשעט און צעשפּרייט די פֿיס ווי אַ שוואַנגערע פֿרוי צום מאַפּל־זײַן.

— אײַ־יאײַ... — האָט ער געשריגן, באַקומענדיק אַ שטיין אין קאָפּ אַרײַן. זײַן מויל האָט זיך אויסטערליש פֿאַרקרימט. — געוואַלט און געשריגן!.. זיי מאָרדעווען. געוואַ־אַ־אַלט!..

ער האָט מאָהנע געהיפּט איבער די הויכע גראָזן, האָט זיך פֿאַרפּלאָנטערט און איז אומגעפֿאַלן.

אַלע צוזאַמען, אַ גאַנצע כאָפּטע, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אָרענען. ער האָט געפּאָכעט מיט זײַנע קולאַקעס און געסאָפּעט.

— גייט בעסער... איך וואָרן אײַך... דער רעקטאָר וועט לאָזן שמײַסן און אַרויסוואַרפֿן פֿון שטאָט.

— שלאָגן אים... די ביינער צעטלוקע! — האָבן זיך די יונגען צעשריגן.

און איצט איז פֿלוצעם (אויסגעוואַקסן אוראַמאַ,) מוירעדיק אָנ־צוקוקן. דאָס היטל איז אים אַראָפּגעפֿאַלן פֿון קאָפּ, האָבן זײַנע געלע קאָלטענעס און באָרד ווילד געשטאַרצט אין דער לופֿט אַרײַן. זײַנע אויגן איבעם געשטופּלטן פּאָנעם האָבן זיך פֿאַרדרייט מיט די ווײַס־לען אויף אַרויף, און ער האָט מאָדנע, ווי אַ רויב־פֿויגל געהויבן די הענט מיט אײַנגעבויגענע פֿינגער, ווי אויף זיך אַרײַנצושנײַדן מיט די

---

* ייִדקע, פֿאַרקויף די באָרד.

נעגל. ער האָט אַרויסגעשטרעקט די אַקסלען אַף פאָרויס און שוים האָט זיך באַוויזן אַף זײַן מויל.

— הײַ ווײַ!.. — האָט ער הילכיק געשריגן, און אַלע האָבן זיך אַף אים אומגעקוקט. — ביווײַ טו...! — ער האָט פּריציש אַ פּאָכע געטאָן מיט אַ פויסט און זיך באַלד געוואָרפן אַפן שוואַרצן זשאַק.— בי זשידאָוו, בי פּסו־בראַטאָוו, זאַבײַ! * — האָט ער געטופּעט מיט די פיס און געקריצט מיט די ציין. זייער מעגלעך, אַז ער האָט דעם הויכן שוואַרצן זשאַק דערקאַנט.

און שוין האָט דער הויכער שוואַרצער זשאַק צעטומלט און צע־ווילדעוועט פון זײַן שרײַען אים אַ קנאַק געגעבן מיט אַ שטיין אין דער האַנט איבערן קאָפּ.

— יעזוס מאַריאַ! — האָט אַוראַמאַ אַ געשריי געטאָן און האָט זיך ווי אַ דערשלאָגענער אָקס אַוועקגעלייגט. זײַן קערפּער האָט בלויז עטלעכע מאָל פון אויבן ביז אַראָפּ געציטערט און זיך געקאָרטשעט, האָט זיך דערנאָך לאַנג אויסגעשטרעקט און איז שוין געבליבן רויִק ליגן.

צעדולט האָט זיך דער זשאַק מיטן שטיין אין האַנט צו אים אַראָפּגעבויגן און געמורמלט.

— דאָס האָב איך אים אַזוי?..

— ראַני־באָסקיע! — האָבן זיך די יינגערע דערשראָקן. — פּאַוולע, דו האָסט אים דערהארגעט.

— אַנטלויף, פּאַוולע, אַנטלויף!..

זיי האָבן זיך אַלע מיטאַמאָל אָפּגעטראָגן פון גאָרטן.

די לעווײַע איז געווען אין דער זעלבער נאַכט. סע האָט זיך באַלד פון אויער צו אויער פאַרשפּרייט, אַז אַוראַמאַ איז געווען אַן אומ־באַקאַנטער גער, אַ גרויסער פּאָרעץ, וואָס זײַן נאָמען מוז בלײַבן אַ סאָד. און ווײַל ער איז געשטאָרבן אַ הייליקער, האָט מען אים באַ־גראָבן נעבן צוויי אַנדערע הייליקע, וואָס איינער פון זיי, אַ קלעזמער איז מיט צוויי יאָר צוריק געהאַרגעט געוואָרן אין קאָשיצע און איז דערמלט איבערן באַפויל פונעם פּאָרעץ באַגראָבן געוואָרן אין קראָקע, און דער צווייטער, אַ קאַהאַלשער רעק, האָט פאַראַיאָרן געענדיקט זײַן לעבן אַף דער טליִע.

* „הײַ, איר, קומט אַהער..! שלאָג די יידן, שלאָג די הונטס־ברודער, האַרגע אַף טויט!“

# צוואַנציקסטער קאַפּיטל

עטלעכע טעג שפּעטער איז פֿאָרגעקומען אַ קורצער שמועס צווישן דעם נײַעם ראָוו און ייִדן־פּרעפֿעקט פֿון דער הויפּטשטאָט קראָקע, טאָדראָס סעגאַל מײַזלס, און דעם גרײַז־גרויען זאָקן קאָלעוו אַשקענאַזי.

קאָלעוו אַשקענאַזי איז געזעסן אין זײַן הויכן שטול, האָט געהאַלטן זײַן דאַרע האַנט איבערן טיש, שפּילעוודיק געקנײַטשט אַ זײַדענע פֿאַטשיילע, און פֿרעמד אָפּגערוקט פֿון זײַנע זקייניש לאַנגע גרויע ברעמען. טאָדראָס סעגאַל מײַזלס איז געשטאַנען נעבן זײַן שטול און האָט זיך אַ ביסל צו אים אַראָפּגעבויגן.

וואָס וויל ער, טאָדראָס סעגאַל מײַזלס?

אין פּינקעס זײַנען זיי פֿאַרשריבן צו אייביקער דערמאָנונג באַמגעבעט, מענטשן זאָגן תּפֿילעס אַף זייערע קוואָרים, צי איז דאָס רעכט אַזוי? זאָל דער גאָען קאָלעוו אַשקענאַזי זאָגן, אַז ס'איז רעכט אַזוי.

קאָלעוו אַשקענאַזי האָט אַראָפּגענומען די האַנט פֿונעם טיש, צי פֿון כּעס, צי פֿון פֿאַרוווּנדערונג.

— אַה...

— ... אַ שטאָט־באַקאַנטער גאַנעוו, דער צווייטער אַן אויסגעלאַסענער פֿאַרשיכּורטער אָרל און דער דריטער... — ער האָט זיך אײַנגעבויגן און אַשקענאַזין עפּעס אײַנגערוימט.

— ווער האָט דיר דאָס דערציילט.

— איך ווייס.

קאָלעוו אשקענאזי האָט א שלײַדער געטאָנ די פּאטשײלע אינ א זײַט.

— ווער האָט דיכ צו מיר געשיקט?

טאָדראָס סעגאל מײַזלס האָט זיכ מיט פאריבל אָפּגערוקט. אלײנ איז ער געקומענ. פארוואָס עפּעס צו אימ, צו קאָלעוו אשקענאזינ? — טאָדראָס סעגאל מײַזלס האָט זיכ כניפּעדיק נאָכ מער אָנגעבויגנ. צו וועמענ רענ האָט ער געזאָלט גײנ?..

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ אָנגעשפּארט אָנעמ טיש אונ א שווערער פונ באָכמיטאָגדיקער שלעפעריקײַט האָט ער זיכ פאמעלעכ אופגעהויבנ.

— וואָס ווילסטו, טאָדראָס?

— ...ס'איז דאָכ א פארשוועכונג פונ גאָטס נאָמענ...

— אה?..

קאָלעוו אשקענאזי האָט פארמאכט די אויגנ. אפּאָנעמ, איז ער האָט שטײענדיק אפ א רגע א דרימל געטאָנ.

— ווער האָט דיכ געשיקט?

— גאָט באהיט!.. אלײנ בינ איכ געקומענ.

קאָלעוו אשקענאזי האָט א כיכקע געטאָנ.

— בעטדיט סירקים...

— גאָט באהיט, באהיט... — טאָדראָס האָט זיכ גערוקט אפ צוריק.

— ווײַבל באס! — האָט קאָלעוו גערופנ. דער מעשאָרעס איז ארײַנגעקומענ.

— ווער איז ער דאָס, אה? — ער האָט געוויזנ אפ טאָדראָס סעגאל מײַזלס.

ווײַבל באס האָט געלאָסנ ווי אפ א געווײנלעכער פראגע געענטפערט.

— דער ראָוו. — ער האָט געוואַרט א רגע אונ איז צוריק ארומגעגאנגענ. קאָלעוו אשקענאזי האָט פארזשמורעט די אויגנ.

— יאָ? — קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ צו טאָדראָסנ גערוקט מיט פאמעלעכע דריבנע טריט.

— ווילסטו גאָכ? נאָכ?

טאָדראָס איז צעטומלט געוואָרנ.

— מיט פאר'ליב אײַער קאָוועד...

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיכ מיט א קלײנ טריטל נאָכ נעענטער

צוגערוקט און פונ קאַם אזש אונטערגעהינקט. ער האָט פלוצעם א גע־
שריי געטאָנ.

— שיינע מוריינע קאַפּאַרעס... וואָס לאָזסטו זיך נארנ פונ בענ־
דיט סירקיס!

— מיט פאר ליב אײַער קאָווער...

— גבּיוורעיר, טיפּעש... ראַבי אווראַהאָמ דעם הרוקערס איז אומגע־
קומענ פונ אומווערדיקע הענט צו הייליקנ גאָטס נאָמענ?

— יאָ.

— זאָל זיך גאָט נויקעם זײַנ פאר זײַנ בלוט.

— אָמיינ.

— ראַבי אווראַהאָמ קלעזמער איז אומגעקומענ פונ אומווערדיקע
הענט...

— זאָל זיך גאָט נויקעמ זײַנ פאר זײַנ בלוט.

— ראַבי אווראַאָמ, דער הייליקער גער...

— זאָל זיך גאָט נויקעמ זײַנ פאר זײַנ בלוט.

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיך פלוצעמ אומגעריכט גיך אראָפּגעבויגנ,
האָט אראָפּגעריסנ א פאַנטאָפל פונ פוס, און איידער טאָדראָס סעגאל
מײַזלס האָט זיך אומגעקוקט, האָט ער אימ שוינ אָנגעהויבנ מיטנ פאַנ־
טאָפל צו שמײַסנ איבערנ פּאָנעמ און איבערנ קאָפּ.

— וואועק, גבּיוורעיר...

טאָדראָס איז אָפּגעשפרונגענ אינ א זײַט. קאָלעוו אשקענאזי האָט
אימ אָבער נאָכגעהינקט מיטנ באָרוועסנ פוס און געפּאָטשעט מיטנ פאַנ־
טאָפל.

— וועסט נאָך קומענ, רײַסער, ריידנ בייז אפ גאָטס הייליקע...
אהן?

טאָדראָס סעגאל מײַזלס האָט זיך מיט דער פּלייצע גערוקט צו
דער טיר צו. ווײַבל באָס האָט געעפנט די טיר און ארײַנגעקוקט.

קאָלעוו אשקענאזי האָט זיך אומגעריכט גיך אײַנגעבויגנ און אָנ־
געטאָנ צוריק דעם פאַנטאָפל. ער האָט זיך געווענדט צו ווײַבל באָס
און געוויזנ אפ טאָדראָסנ.

— ווער איז ער דאָס, אהן?..

— דער ראָוו.

— יאָ? — קאָלעוו אשקענאזי האָט זיך פארנייגט און פונ העפ־
לעכקײַט א שאר געטאָנ מיט אראָפּגעלאָזטע אָפּענע הענט.

— מיט פאר ליב אײַער קאָווער... — האָט ער איבערגעבאזע־ט

טאַדראַסעס ווערטער. ער איז אָבער נאָכ טאַדראַסנ נאָכגעגאַנגענ אונ מיט דריבנע טריט האָט ער זיכ אַלצ מער צו אימ דערנעענטערט. טאַדראַס האָט זיכ מיט דער פּלייצע געדוקט אָפּ צוריק, אונ ערשט בא דער טיר האָט ער זיכ אויסגעדרייט אונ איז גיכ ארויס.

---

אז מע האָט גאָכ א צײַט גערארפּט שטעלנ מאַציייוועס אָפּ די נײַע צוויי הייליקע קוואָרימ נעבנ בראַמעק קלעזמערס קיווער, האָט קיינער נישט געוווּסט צו זאָגנ ווי וויראַמע הרוקערס פּאָטער האָט געהייסנ. דער מאַצייווע-קריצער האָט די מאַצייווע אויסגעקריצט, נאָר דער אָרט פאַר וויראָמעס פּאָטערס-נאָמענ איז געבליבנ פּוסט.

קאַלעוו אשקענאזי האָט זיכ געקאַסט.

— פאַרוואָס איז די מאַצייווע אזוי לאַנג נישט פאַרטיק?

מע האָט גערופנ דעם מאַצייווע-קריצער. זאָל ער קריצנ: בענ אַל-מויצי, אַנ אומבאַקאַנטנס זונ. קאַלעוו אשקענאזי האָט זיכ אָבער טיי-קעפ באַטראַכט.

— יענע צוויי הייסנ וויראָמ זונ פונ וויראָמ? זאָל דאָ אויכ זײַנ בענ וויראָמ...

— זײַנ פאָטער האָט געהייסנ וויראָמ?

— אה?... — קאַלעוו אשקענאזי האָט אופגעהויבנ זײַנע לאַנגע ברעמענ, אונ דער מאַצייווע-קריצער איז טייקעפ אוועק.

---

קאָנ מענ זיי גאָכ הײַנט זענ, די מאַצייוועס, אפנ אורהאַלטנ בעז-סוילעם, אונטער אַנ אַלטנ פאַרקרומטנ בוימ. זיי אַליינ שטייענ אויכ אויסגעקרומט אונ טיפ אײַנגעזונקענ. די אויסיעס זייערע זײַנענ שוינ קימאַט פאַרמעקט.

אָפּ איינער שטייענ די ווערטער: דאָ איז באַהאַלטנ דער הייליקער מאַנ וויראָמ בענ וויראָמ, וואָס איז געבוירנ געוואָרנ נאָכנ אָפּ-גאַנג פונ זײַנ פאָטער. דאָס איז דער קאָרבנ אונ דאָס איז דאָס אָנגע-גרייטע... אונ ער איז באַגראָבנ געוואָרנ פּדיִנטיק, ערעוו דעמ הייליקנ שאַבעס...

אָפּ דער צווייטער: דאָ איז באַהאַלטנ דער הייליקער וויראָמ בענ וויראָמ, א געראַכטער גער. גרעסער זײַנענ די צאַדיקימ גאָר טויט איידער בא זייער לעבנ...

און אויף דער דריטער: דאָ איז באַהאַלטן דער הייליקער אווראַ־אָם בען אווראָאָם. זאָל ער זײַן פֿאַר גאָט אַ פֿירשפּרעכער פֿאַר די נויטן פֿון דער הייליקער געמיינדע...

לויטן רעליגיעזן שטייגער האָט אַ זון געוויינלעך נישט געטאָרט האָבן דעם זעלבן נאָמען ווי דער פֿאָטער, סײַדן ער איז געבוירן געוואָרן נאָך זײַן פֿאָטערס טויט. דעריבער איז געגעבן געוואָרן דאָס אָנצוהערעניש אויף בראַמעס קלעזמערס מאַצייווע. און נאָך איין אויסנאַם איז געווען. אַ גער פֿלעגט באַקומען דעם נאָמען אווראַאָם זון פֿון אווראַאָם, נאָכן נאָמען פֿון דעם ביבלישן אור־פֿאָטער.

דאָ אָבער האָבן זיך צונויפֿגעזאַמלט דרײַ קוואָרים פֿון הייליקע, אַלע דרײַ האָבן געהייסן אווראַאָם און די פֿאָטערס פֿון אַלע דרײַ האָבן אויך געהייסן אווראַאָם. צי איז דאָס אַליין נישט געווען אַ באַגלייביקטער וואָר־צייכן פֿאַרן עמעס פֿון די מײַסעס, וואָס מע האָט זיך וועגן די קוואָרים און די הייליקע דערציילט?

אַ לאַנגע צײַט זײַנען די קוואָרים געווען באַרימט פֿון זייער קרעפֿטיקער הייליקײַט און פֿון די וווּנדער און ישועות, וואָס מע האָט זיך אויף זיי אויסגעבעטן. און נאָך הײַנט, אַז סע קומט אַ נײַגעריקער מענטש באַטראַכטן דעם אוראַלטן בעסוילעם מיט זײַנע אוראַלטע מאַצייוועס און קוואָרים־שטיבלעך, גייט צו אים געוויינלעך צו אַ קוואָרעס־בעטלערן און מיט אַ כיטרע סוידעסדיקער מינע גיט זי אַ באַהאַלטענעם שמייכל, ווי עמעצ, וואָס ווייסט און קאָן פֿירן אויסדערוויילטע און אויב ס'איז קעדײַ צו אַ פֿאַרהוילענער זעלטענער זאַך. זי פֿירט איבער סטעזשקעס ביינייוועס, אַז די אָרעמע חאָוונערס זאָלן נישט זען און נישט מיטגיין. פֿאַרבײַ דעם קיווער־שטיבל פֿונעם גאָען רעב קאַלעוו, וואָס אינווייניק ברענט שטענדיק אַן אייביקע ליכט און וואָס איז טאָג־אויס טאָג־אײַן אַרומגערינגלט מיט האַרנעדיקע מענטשן, איבער הויכע קיינמאָל נישט געשניטענע גראָזן, צווישן הונדערטיאָריקע ביימער און אײַנגעזונקענע אָפּגעקרישלטע מאַצייוועס פֿירט זי צו אַ ווינקל אונטער אַ ריזיקן קרומען בוים. זי רוימט שטיל אײַן אין אויער: די דרײַ הייליקע ווראַמטשעס.. מורמלט אַ געבעט און וואַרט מיט זיכערקײַט אויף אַ גוטער באַלוינונג.

אין די הויכע יאָמטעווטעג, ווען די אַלטע ייִדן בעטן אין די אוראַלטע שולן דערמאָנונג־געבעטן פֿאַר די גאָר גרויסע הייליקע לײַט פֿון אַלע צײַטן, וואָס זײַנען אין שטאָט־פּינקעס פֿאַרשריבן, דערמאָנען זיי ביז אַפֿן הײַנטיקן טאָג אויך די דרײַ אווראַאָמס איינעם און באַלד

נאָך די נעמען פֿונעם „פֿירסט און לערער פֿון אַלע זין אין גלות", דעם פּראָפֿעסאָר פֿון די „זיבן רערן פֿונעם ליכטער", דעם גאון, זון פֿון גאונים, ראַבי קאַלעוו האַקוויען אַשקענאַזי גינזבורג, פֿונעם פֿאַרגעס און פֿירער, וווילטוער און גערעכטן מאַן, ראַבי באָרוך בענדיט סיר-קיס, פֿונעם שאַרפֿן און באַהאַוונטן געלערנטן פּראָפֿעסאָר פֿונעם בוך „דער נייער פּאַלאַץ", דעם גאון ראַבי טאָדראָס האַליוווי סעגאַל מיזלים, און פֿונעם שטאַהלען, דעם באַשיצער פֿון די יידן, דעם גע-לערנטן און פֿולקומען מאַן ראַבי יאָסעף יוזל בראַנדייס".

אין אַלטע כראָניקן און מיסעס ווערן זיי אָנגערופֿן „די זיבן גערעכטע".

# וואָרט־דערקלערונגען

**אינסטיגאטאָר** — א באַאמטער מיט פּראָקוראָרישע פליכטן, וואָס דאַרף אכטונג געבן, אז די געזעצן זאָלן אויסגעפירט ווערן, און אז די, וואָס האַלטן ניט די געזעצן, זאָלן איבערגעגעבן ווערן צום געריכט.

**איסקע** — וואָכער.

**אַלופים** — פירערס פון דער קעהילע.

**אספּאַניע** (פּויליש) — פאַרקירצטע פאַרקריפּלטע פאָרם פון „וואשא מילאָשטש, פּאַניע", ד. ה. אייער גנאָדיקייט, מיין האַר.

**אָבזשאָנדקעס** (פּויליש) — ריטואַלן, צערעמאָניעס.

**אָדפּוסט** (פּויליש) — דאָס אָפּלאָזן די זינד, אינדולגענץ.

**אָרכע־פּאָרכע** — שלעפּערס.

**אָרנאַטן** — גאַלאָכישע קליידער.

**ארענדאַזש** — ארענדאַר.

**באַטראַפּלעניש** — צוטשעפּעניש, אומגליק (פון פּוילישן „אוטראַפּיעניע").

**באַרבירער** — א שערער און פעלדשער, וואָס שטעלט אויך צו אָדער, שטעלט באַנקעס א. א. וו.

**באָטשאַנעס** — בושעלס.

**בורסא פילאָזאָפאָרום** — **בורסא**: סטודענטישע צוזאַמענוווינונג, געוויינלעך באַ א מאָנאַכישער שול. די בורסא פילאָזאָפאָרום, א בורסע ביי די שילערס, וואָס האָבן געלערנט פילאָזאָפיע, איז געווען באַ די יעזויטן.

**בײַדעס** — **בײַקעס**, באָווע־מייסעס.

**בענקאַרט** (פון דייטש אריין אין פּויליש און אין יידיש) — מאַמזער.

**בראָקאַט** — Парча.

**גאַלאָכישע שפּראַך** — לאַטייניש.

**גאָלגן** — טליע.

**גייוורערער** (פונעם דייטשן וואָרט „גייפערער", א מענטש וואָס סע ריגט אים פליונע פונעם מויל) — פלוידערער.

גמינע (פוילִיש) — דאָרפישע געמיינדע.

גאָנשיאָר — א פוילישע מאָס פאר פליסיקײַטנ.

דאָבראָדזשיי (פוילִיש) — ווילטעטער.

דזשומע — פעסט.

דיספענס — באפרײַאונג, דערלויבעניש.

דרינדעס — א מינ פויערישע וואָגנס.

האפטעס — אויסגענייטס, אויסגעהאָפטנס, שפיצנ.

הורמעס — צונויפגעשטופטע ליארמענדיקע באנדעס.

העטער-איסקע — א אויסגעקינצלטע רעליגיעז־יורידישע פאָרמ וויאזוי אויסצומיידנ דעמ ביבלישנ פארבאָט צו נעמענ פראָצענטנ בא ייִדנ.

הערשט — דער אויבערשטער, דער ערשטער, דער הויפט פונ א באנדע.

חראביא (פוילִיש) — גראפ.

וואאד פונ פיר לענדער — צוזאמענפאָר פונ די פאָרשטייערס פונ די קעהילעס.

וואגאנט — וואנדערנדיקער סטודענט אונ זינגער.

וואשמאָשטש (פוילִיש) — א פארקריפלטע פאָרמ פונ „וואשא מילאָשטש“, אײַער גנאָדיקײַט.

וואַרטערנ — Сиделка.

וואַרצאָווני — אופזעער.

וועלשנ — פעלקער פונ דער ראָמאנישער גרופע: איטאליענער, פראנצויזנ, רומענער אונ ביכלאל מענטשנ, וואָס ריידנ א פרעמדע אומפארשטענדלעכע שפראכ.

זבויעס — רויבערס.

זשאק — שילער, סטודענט אינ א מאָנאכישער שול.

זשופניק — שאכטיאָר, בארג־ארבעטער.

זשופע — בארגווארק.

טווים — א באשטימטע גרופע פונ די קאָהאָלשע אָנפירערס.

טשאָפאָווי — א שטײַער־אָפצאָל אפ שארפע געטראנקנ. באטײַט: צאפנ־געלט, אָפצאָל פונ יעדנ פאס.

יודאש — א זידל־וואָרט: פארעטער.

יעגאָמאָשטש (פוילִיש) — פארקירצט פונ „יעגאָ מילאָשטש“, זײַנ גנאָדיקײַט.

כעזקעס האקעהילע — אײַנגעקויפטע רעכט צו וווינענ אינ דער ייִדנ־שטאָט.

לאמענט — ליארעמ, קלאָג.

לעבצעלטענער קוכנ — א מינ האָניק־קוכנ.

מאָספאניע (פוילִיש) — א פארקריפלטע פאָרמ פונ „וואשא מילאָשטש, פאניע“, זע אספאניע.

משא (פוילִיש) — מעסע, א קאטוילישע טפילע.

ניעבאָגא — נעבעכ.

גיעדוידא — שלימאזל.

סאָציניאנער — א פראָטעסטאנטישע סעקטע.

סוקמאנע — א פויעריש אויבערקלייד.

סכאָלאר — שילער, סטודענט.

סעמי־יודעוס — א מיטגליד פונ א יודאיזירנדיקער הערעטישער סעקטע.

סענדזשיע (פויליש) — ריכטער.

סעניאָר — עלטסטער.

ספּאָוויעדזש (פּויליש) —ווידע.

סקורטשיביק (פּויליש) — זידל־וואָרט.

עקזאָרציזם — אָפּשפּרעכעניש, באַשווערונג.

פּאַכאָלעק (פּויליש) — פּויערישער יונג, יונגער דינער.

פּאַלאַנקין — פּויליש: לעקטיקאַ, אַ מין טראָג־קאָטש, אין וועלכער דינערס האָבן געטראָגן זייערע פּריצים אַף די פּלייצעס.

פּאַן בוג (פּויליש) — דער הער גאָט.

פּאַרנעס — דער העכסטער אין דער קעהילע.

פּאָקאַל — באָקאַל.

פּינטשעווער — אַ פּראָטעסטאַנטישע הערעטישע סעקטע.

פּלענעפּאָטענץ — פולמאַכט.

פּסו בראַט (פּויליש) — הונטס־ברודער.

פּערפּידיאַ — געמיינהײַט.

פּשיאַ וויאַראַ (פּויליש) — אָנהענגער פון אַ הינטישן גלויבן.

פּשיאַ יוכאַ (פּויליש) — זידלוואָרט; הונטס־בלוט.

פּשיאַ מאַטש (פּויליש) — זידלוואָרט: דײַן מוטער איז אַ הונטעכע.

פּשיאַ מאַטש ניעזדאַרנאַ (פּויליש) — זידלוואָרט: טויגעניכטס.

קאַזימיעזש — אַ שטאָט־טייל אין קראָקע.

קאָזולבאַלעץ — אַ ספּעציעלער שטײַער־אָפּצאָל, וואָס די יידן האָבן געדאַרפט צאָלן אין די יעזויטישע קאָלעגיעס אין קראָקע און לעמבערג אַף לערנ־ און שרײַבגעצײַג פאַר די שילערס. די סטודענטן פון די בורסעס פלעגן דאָס געלט אויפקלײַבן אין דער יידנ־שטאָט, און אָפט זײַנען דערבײַ ארויסגעקומען אָנפאַלן און געשלעגן אַף די יידן.

קאָנשאַכטעס — מאַכערײַקעס.

קוגליארעס — קונצנמאַכערס (פונעם דײַטשן „גאוקלער”).

קוראַ אינסאַניטאַ — אַפּעטראָפּסעס איבער אַ קראַנקן.

קזשאַקעס — קוסטעס.

קזשעמיאָנקעס — אַ נאָמען פון אַ באַרג לעבן קראָקע.

קזשעסט — טויפע.

קילאָף — אַ שפּיציקער האַק־האַמער.

קײַל — אַ טעמפּער האַק־האַמער.

קלאַפּטשע — אַ גרויס שטיק זאַלץ.

קלעפּאַר — אַ פאָרשטאָט אין קראָקע.

קרוציפיקס — אַ צײַלעם מיט אַ געקרײַציקטן יעזוס.

קריל יאַגיעלע — פאַרקריפּלט פון „קרול יאַגיעלאָ”; קיניג יאַגיעלאָ.

קריפּטשעס — אַ מין פויערשע פון לעדער געפלאָכטענע לאַפּטשיעס.

ראַטי באָזשע (פּויליש) — „ראַטי” מערצאָל פון „ראַטאַ”, אַ הילפגעשרײַ, „ראַטעווע מיך, גאָט”.

ראַני באָסקיע (פּויליש) — אַ אויסגעשרײַ: גאָטס וווּנדן!

רעגיס — אַ נאָמען פון אַ שאַכטע אין וויעליטשקע.

רעק — דער ווערטלעכער באַטײַט איז: ריז, העלד. געמיינט איז: קאָהאָלשער דינער

אפ אויסצופירנ פארשיידענדליי שליכעסנ, רעכטס־טאטנ אונ שטראָפ עקזע־קוציעס.

**שויענטי** (פוילִיש) — הייליקער.

**שויענטי גזשעגאָזש** (פוילִיש) — דער טאָג פונעמ קאטויליִשנ הייליקנ גרעגאָר.

**שיבע** — שיכט אינעמ בארגווארג.

**שמיגלע** — בויגעוודיק.

**שעבסעניק** — שאבסע־צוויגיק, אָנהענגער פונ שאבסע־צוויס מעשיכישער סעקטע.

**שקעטל** — א שאכטעלע, קעסטעלע.

Редактор А. Гурштейн. Техн. ред. М. Погостер.
Корректор И. Гутенмахер.

Сдано в производство 3|VIII—34 г. Подписано к печати 10|X—34 г.
Форм. бум. 82×110 1/32. 10 1/2 п. л. 37.000 зн. в п. л. «Эмес» № 56.
Уп. Главлита В—89120. Тираж 3.000.

Типография изд-ва «Дер Эмес», Москва. Покровка, 9. Зак. № 674.

# באמערקטע דרוק־פעלערנ

| ז. | שורע | ס׳שטייט | ס׳באדארפ זײַנ |
|---|---|---|---|
| 3 | 9 פונויבנ | האטי | ראטי |
| 4 | 12 (פונונטנ) | גיעזדארנא | ניעזדארנא |
| 18 | 13 „ | איספאראנ | איספאהאנ |
| „ | „ „ | האמאסטענע | דאמאסטענע |
| 29 | (8 פונויבנ) | אשקענאז | אשקענאזי |
| 85 | 10 „ | כעמישער | בעמישער |
| „ | 12 „ | צוואציק | צוואנציק |
| „ | 12 „ | הוידעפט | רוידעפט. |
| 86 | 9 „ | געפלעפט | געפלעפט |
| 96 | 12 „ | גישע | נישע |
| 147 | 19 „ | moriunttur | moriuntur |
| 156 | 10 (פונונטנ) | טיפשיאוויאכא | טי פשאוויארא |
| 167 | 20 (פונויבנ) | קאָזולבאלעצ | קאָזובאלעצ |

Винер—Колев Ашкинази